# צו דער זון

פון

## ל. לאַסאָווין

אילוסטרירט

פון

**נאַטע קאָזלאָווסקי**

קאָאָפּעראַטיווער פאַרלאַג „קולטור־ליגע“, וואַרשע

# פֿינף ברידער
## זעכען זיי געורען

אין אַ שטעטל ביים יאַם — האָט גע־וווינט אַ מאַמע מיט פינף קינדער — אַ פינפטלינג — אַלע יינגלעך פון איין וווקס און אויסזען, אַזוי אַז מען פלעגט זיי אָפט פאַרבייטן. די ייִנג־לעך זענען געווען עמעסע וווּנדער־קינדער. לעמאָשל:

איינער — האָט געקאָנט אויסשעפּן דעם גאַנצן יאַם מיטן מויל און אָנכאַפּן וויפל פיש ס'האָט זיך אים געוואָלט.

אַ צווייטער — פלעגט אויסלייגן בלויזע שווערדן מיט די שאַרפן אַרויף און באָרוועס זיך אַוועקלאָזן איבער זיי אין אַ ווירבל־טאַנץ, אָדער די שווערדן אָנ־שטעקן אין ביידע זײַטן ווענט מיט די שפּיצן פאָרויס און זיך דורכמאַכן אַ וועג אָן אַ סימען אויפן לײַב.

אַ דריטער — האָט געהאַט אַזוינע פיס, אַז ווען ער האָט געוואָלט האָט ער זיי געמאַכט לאַנג, זייער לאַנג, אַזוי לאַנג, אַז זײַן קאָפּ האָט געגרייכט צו די וואָלקנס, און ווען ער האָט געוואָלט איז ער געוואָרן קליין, זייער קליין, אַזוי קליין, אַז מען האָט אים געדאַרפט אַרומזוכן מיט אַ שפּאָקטיוו.

## ל. לאסאווין — צו דער זון

א פערטער — האָט ליב געהאַט פײַער, ער פלעגט אַפּט אונטערצינדן אַ וועלדל און אַליין אַרויפקלעטערן אויף אַ דערבײַיִקן באַרגשפּיץ און פֿון דאָרט צוקוקן ווי די פײַער־צונגען, אַט קליינע, אַט גרעסערע — רײַסן זיך צום נאַכטיקן הימל, שפּרייטן זיך שנעל און שנעלער, און פֿון זיי ווערן פײַער־כוואַליעס גרויסע און גרעסערע, ביז ס׳ווערט איין גרויסער פלאַמענדי־קער יאַם, דאַן פלעגט ער מיט אויסגעשרייען „גיט מיר פײַער״! „גיט מיר פײַער״! אַרונטערשפּרינגען.

פאַרשטייט זיך, אַז ער פלעגט אַרויס אומבאַשע־דיקט. איך זע, איר כידעשט זיך, קינדער? הײַנט וואָס וועט איר שוין זאָגן אויפן פינפטן, וועלכער האָט גע־קאָנט לעבן אָן לופט? יאָ, מאַמעש אָן לופט. ער האָט זיך גאַנץ רויִק געקאָנט באַגיין אָן אַ נאָז!

איין טאָג, ווען דער ערשטער ברודער האָט זיך אומגעקערט אַהיים מיט פולע קערב פיש, האָבן אים די שכיינעם באַגעגנט און אים געבעטן, ער זאָל זייערע יִינגלעך אויך אויסלערנען די קונסט פֿון פיש־פאַנג, האָט ער זיי צוגעזאָגט:

אויף מאָרגן, באַגינען — ווען ער האָט געעפנט די טיר—האָבן שוין אויף אים געוואַרט צוועלף יִינגלעך. איז ער מיט זיי אַוועק צום ברעג און פאַר זיי באַוויזן זײַן קונץ און אויסגעשעפּט מיטן מויל דעם יאַם, און די יִינגלעך אַ ווונק געגעבן (רעדן האָט ער דאָך נישט געקאָנט!), אַז איצט איז די פאַסיקע צײַט צו כאַפּן די פיש.

## 5. לאַסאַווירד — צו דער זון

די ייִנגלעך, איבערראַשט און אַנטציקט פון זײַן אויפטו, האָבן זיך שפּרינגענדיק אַוועקגעלאָזט אין דעם טרוקענעם יאַם־בעט. זיי זענען אַזוי צעטומלט געוואָרן פון דער צאָל און אויסזען פון די פיש, אַז זיי זענען נישט געווען פעיִק עפּעס צו כאַפּן.

דערווײַל איז דער ערשטער ברודער מיד געוואָרן צו האַלטן דעם יאַם אין מויל — ס'איז נישט קיין קלייניקייט! — האָט ער צו זיי אָנגעהויבן מאַכן מיט די הענט, זיי זאָלן זיך אָפּטראָגן. די ייִנגלעך אָבער זענען צו פיל געווען פאַרטון און האָבן זײַנע וואָרענונגען נישט באַמערקט. האָט ער נישט אויסגעהאַלטן און דעם יאַם אַרויסגעלאָזט. זענען אַלע ייִנגלעך, פאַרשטייט זיך, דערטרונקען געוואָרן.

זענען די מאַמעס געקומען צולויפן און געמאָנט זייערע קינדער. האָט ער זיי דערציילט: אַזוי און אַזוי איז די זאַך געשען. האָבן די מאַמעס מיט גרויס געוויין אים פאַרקלאָגט פאַרן ריכטער, האָט דער ערשטער ברודער אויך פאַרן ריכטער זיך פאַרענטפערט, אַז נישט ער האָט די ייִנגלעך געבעטן גיין, און דערציילט אויפסניי, ווי ס'איז געשען. דער ריכטער אָבער האָט אים געפונען שולדיק און באַפוילן, מען זאָל אים קעפּן.

זעט דער ברודער, ס'איז שלעכט, בעט ער מען זאָל אים כאָטש לאָזן זיך געזעגענען מיט זײַן מאַמען און ברידער.

האָט מען אים געלאָזן.

געקומען אַהיים און דערציילט די גאַנצע מעשׂה. האָט דער צווייטער ברודער אַ מאָדנעם לאַך געטון און איז אַוועק אויפן ערשטנס אָרט.

אין צענטער פון שטאָט איז געווען פאַרזאַמלט אַ גרויסער עולם, אויף אַ הויכן פּלאַץ האָט מען אַרויפֿ־געפירט דעם צווייטן ברודער, איז ער געבליבן שטיין מיט אַ פאַרריסענעם קאָפּ און לײַכטנדיקע אויגן.

דער הענקער האָט אויסגעקליבן אַ שאַרפע שווערד און זיך פאַרמאָסטן אויפן ברודערס קאַרק.

אַלעמענס הערצער זענען פאַרציטערט געוואָרן.

די שווערד איז אויף פּיצלעך צעפאַלן, האָט דער הענקער מיט פאַרדראָס אַוועקגעוואָרפן דאָס איבער־געבליבענע הענטל און גענומען נאָך אַ שאַרפערע שווערד. אָבער אויך מיט דער און מיט אַנדערע שווערדן — זיבן אין צאָל — איז געשען דאָס זעלביקע. איז דער ריכטער בייז געוואָרן און אויסגעביטן די שטראָף אויף אַן ערגערע — מען זאָל אים, הייסט עס, אַרײַנוואַרפן אין יאַם.

זעט דער צווייטער ברודער, אַז ס'האַלט שמאָל, האָט ער אָנגעהויבן צו טאַנצן, אַז אויף אַזוינס האָט ער זיך נישט געריכט, ווייל ער דעריבער אַ דערלוי־בעניש זיך צו זען נאָכאַמאָל מיט זיין מישפּאָכע און זיי לאָזן וויסן פון דער נײַער מיסע.

האָט מען אים דערלויבט.

געקומען אַהיים און דערציילט די געשיכטע, האָט דער דריטער ברודער אַ מאָדנעם לאַך געטון און איז אַוועק אויפן צווייטנס אָרט.

געקומען צום ברעג, האָט מען אים אַריינגעזעצט אין אַ שיפל מיט שוואַרצע זעגלען און מיט אַ שוואַר־צער פאָן אויפן מאַסטבוים און אים אַרויסגעפירט אין אָפענעם יאַם און דאָרט אים אַרײַנגעוואָרפן.

האָט זיך דערהערט אַ שטאַרקער פליוּך און אויפן וואַסער האָט זיך באַוויזן אַ רעדעלע, וואָס איז געוואָרן גרויס און גרעסער און גאָר גרויס, ביז ס'איז אין גאַנצן פאַרשוווּנדן, האָבן די שיפסלייט אַ פּאַטש געטון מיט די הענט און געגומען זיך אומקערן צום ברעג. ערשט, מיטאַמאָל, באַווײַזט זיך אויפן וואַסער אַ קאָפּ, און וועמענס מיינט איר? טאַקע דעם דריטן ברודערס. ווערן די שיפסלייט גוט אין קאַאָס און פירן אים אַוועק אין סאַמע מיטן יאַם, ווו די טיף איז נישט צו מעסטן, און שלײַדערן אים דאָרט אַרײַן. ציט דער ברודער אויס נאָך לענגער די פיס און שפּאַרט אַרויס דעם קאָפּ אויפן אויבערפלאַך.

ווערט דער ריכטער רויט פאַר רעציכע און באַ־פעלט דעם אַקשן צו פאַרברענען לעבעדיקערהייט.

שטייט צו דער ברודער, מען זאָל אים געבן די מעגלעכקייט זיך צו זען מיט די אייגענע און זיי טאַקע לאָזן וויסן פון דער נײַער מיסע.

האָט מען אים דערלויבט.

געקומעז אַהיים און דערציילט וואָס און ווען. האָט דער פּערטער ברודער אַ מאָדנעם לאַך געטון און איז אַוועק אויפן דריטנס אָרט.

ווען די נאַכט איז צוגעפאַלן האָט מען אויפן פרײַען פעלד צעלייגט אַ גרויס פײַער, דעם פערטן ברודער צוגעבונדן צו אַ בוים און געוואַרט אויף זײַן סאָף.

האָט דאָס האָלץ אויסגעברענט, דער בוים איז אַראָפּ ביזן וואָרצל, דער רויך איז צעגאַנגען, בלויז פונקן, ווי פײַער־פליגן, האָבן דאָ און דאָרט אַרומגע־פלאַטערט. פלוצים האָט זיך אין דער נאַכט־שטילקייט דערהערט אַ פרייד־געשריי „גיט מיר פײַער", „גיט מיר פײַער!"

איר שטויסט זיך אָן, קינדער, אַז דאָס האָט אַזוי געשריגן דער פערטער ברודער.

דער ריכטער איז אַרויס פון די קיילעם און אויסגעביטן אויף אַזאַ טויטשטראָף, וואָס קיין מענטש האָט נאָך אין כינע נישט געקריגן, מען זאָל אים דערשטיקן.

פאַרשטייט דער ברודער, אַז ס'איז נעמלעך גוט שלעכט, בעט ער זיך, מען זאָל אים צום לעצטן מאָל באַוויליקן זיך צו זען מיט זײַנע לײַבלעכע קרויווים און זיי טאָקע לאָזן וויסן פון דער נײַער מיסע.

האָט מען אים באַוויליקט.

איז ער געקומען אַהיים און דערציילט וואָס אים

שטייט פאַר. האָט דער פינפטער ברודער אַ מאָדנעם לאַך געטון און איז אַוועק אויפן פערטנס אָרט.

אַ קאַפּעליע קלעזמער, שפּילנדיק טרויעריקע ניגונים, האָבן אים אַרײַנבאַגלייט אין אַ שטאָלענער קאַמער, אָן פענצטער, ווו דאָס מינדסטע קאַפּעלע לופט האָט נישט געקענט אַרײַנדרינגען, ווו דער קלענסטער פּאַס ליכט האָט נישט געקענט צוקומען, און מיט דער זיכערקייט, אַז ער וועט דאָרט אומקומען, האָבן זיי פאַרהאַקט די טיר.

אין דרײַ טעג אַרום זענען געקומען די באַגראָ־בער מיט אַ קאַסטן אים צו באַערדיקן. אויפפּראַלנדיק די טיר זענען זיי געבליבן געפּלעפט — דער „מעס" איז געזעסן און קאַלטבלוטיק געפּוצט זיך די נעגל.

ווען דער ריכטער און דאָס פאָלק האָבן דאָס דער־הערט, איז פאַר זיי מיטאַמאָל קלאָר געוואָרן, אַז דאָס, וואָס קיין שום טויט נעמט נישט אָט דעם מענטש, מוז אַוואַדע זײַן דערפאַר, ווײַל ער איז אומשולדיק.

און דער ריכטער האָט אים באַפרײַט מיט גרויס קאָוועד.

עס איז געווען אין דער צײַט, ווען קי־
ניגן זענען נאָך געווען אין דער מאָ־
דע. האָט אין אַ געוויסן לאַנד גע־
הערשט אַ קיניג מיטן נאָמען „מוירע־
בוירע דער פוילער״. זיין פוילקייט
האָט געהאַט אַ שעם ווײַט אַריבער די גרענעצן פון זײַן
מעדינע. צוועלף באַדינער האָבן פון אים די אויגן נישט
אַראָפּגענומען בײַטאָג, און נאָך אַזוי פיל האָבן איבער
אים געוואַכט בײַ דער נאַכט. בעאייס די מאָלצײַטן האָט
איינער אים דאָס עסן דערלאַנגט, אַ צווייטער האָט עס
אויף די נייטיקע טעלערלעך צעלייגט און אַ דריטער...
איך זע, קינדער, איר שטויסט זיך אָן! — האָט אים אין
מויל אַרײַן געגעבן, ווי מע טוט עס צו אַ מינדיעריק
קינד... און אַנדערע זענען פון ביידע זײַטן געשטאַנען
מיט זיבנפאַרביקע פעכערס און געווייט אויף אים, קע־
דיי עס זאָל אויף אים קיין שטויבעלע נישט פאַלן און
קיל און אַנגענעם זאָל ער פאַרדייען זײַן שפּײַז.

איינצײַטיק האָט אַ שפּאַסמאַכער אים פאַרווײַלט.
ער האָט געטראָגן אַ מיצל מיט גלעקלעך אויפן קאָפּ
און בײַ יעדן ריר האָבן זיי זיך צעקלונגען אַזוי, אַז

ס׳האָט זיך געדאַכט, אַ רעגן פֿאַלט פֿון מעטאַלענע מאַטבייעס. דערביי האָט ער געשאָטן מיט קאָמישע ווערטלעך. אָבער געלאַכט האָט נישט דער קיניג, נאָר אַ ספּעציעלער לאַכער...

די מיניסטאָרן האָבן נאָכגעטון דעם קיניג, און צווישן זיך האָט איינער דעם צווייטן געזוכט איבערצו־שטייגן אין פֿוילקייט. קיינער פֿון פֿאָלק האָט זיך אויף זיי נישט אומגעקוקט, ווייל די פֿויערים זענען געווען פֿאַרטון אין אַקערן די ערד, זייען, אָדער שנײַדן און אײַנזאַמלען די טוווּע. די פּאַסטוכער — מיט פּיטערן, אָדער שערן די שאָף; די גערטנער — מיט פֿלאַנצןביימער און ווײַנשטאָקן. וואָס־זשע איז שוין געבליבן פֿאַרן קיניג און זײַנע מיניסטאָרן צו טון? גאָלע גאָר־נישט!

אַזוי האָט זיך מוירע־בוירע אויסגעלעבט זײַנע יאָרן אין ווילקייט און אין פֿוילקייט. און ווען ער האָט געהאַלטן בײַם שטאַרבן, האָבן זיך זײַנע זין צעאַמפּערט איבער דעם, ווער עס זאָל פֿאַרנעמען זײַן פּלאַץ. אײ געבליבן בײַ זיי, דער פֿאָטער אַליין זאָל באַשטימען. האָט דער קיניג נישט געוווּסט ווי צו באַשליסן. האָט ער געלאָזט רופֿן זײַנע ראַטגעבער.

זענען געקומען זיבן אַלטיטשקע מיט ווײַסע בערד ווי געפּאַלענער שניי און מיט פֿאַרטיקע שמייכלעך אויף די ליפּן אַ פֿאַל געטון פֿאַר אים אויף די קני:

— וואָס איז דײַן באַגער, קיניג־לעבן?



האבן די ראַטגעבער אַ כאַפּ געטאָן די בערד אין די הענט,
אַ נייג געטאָן די קעפּלעך אין אַ זייט און אויסגערופן אין
איין קאָל —

האָט מוירע־בוירע זיי דערציילט:
אזוי און אזוי.

האָבן די אַלטיטשקע געגומען די בערד אין די הענט, א נייג געטון די קעפּלעך אָן אַ זײַט און אַלע אין איין קאָל אויסגערופן:

— סטײַטש, ס'איז דאָך אזוי פּאַשעט, זאָל דער עלטסטער זון פאַרנעמען דעם קיניגס אָרט!

האָט מוירע־בוירע זיי אָפּגעמאָסטן מיט אזא בליק, אז בײַ די אַלטיטשקע זענען די אויגן געוואָרן ווײַסער ווי די בערד.

— ראַטגעבער קלוגינקע! איר ווייסט דאָך, אז א דרײַלינג זענען מײַנע זין, נישטאָ קיין עלטער, ייִנגער.

האָבן די ראַטגעבער א כאַפּ געטון די בערד אין די הענט, א נייג געטון די קעפּלעך אָן א זײַט און אויסגערופן אין איין קאָל:

— סטײַטש, ס'איז דאָך אַזוי פּאַשעט, זאָלן די אַלע דרײַ הערשן איבער אונדזער לאַנד.

האָט מוירע־בוירע א קוק געטון אויף זיי, ווי אויפן גרעסטן כידעש:

— ראַטגעבער קלוגינקע! איר ווייסט דאָך, אז אָן א מעלוכע רײַסן זיי זיך, ווי וועט שוין זײַן מיט?

האָבן די אַלטיטשקע צום דריטן מאָל זיך א נעם געטון פאַר די בערד, א נייג געטון די קעפּלעך אָן א זײַט און אויסגערופן:

— וועלכער זון ס'וועט דיך איבערצייגן, אז ער

איז דער פוילסטער פון זיינע ברידער, זאָל ווערן קיניג נאָך דיין טויט.

איז דאָס מוירע־בוירען וויל געפעלן געוואָרן און ער האָט די אַלטיטשקע באַפרייט.

רופט זיך אָפּ איין זון:

— פאָטער, דאָס קיניגרייך איז מיינס! איך בין אַזוי פויל, אַז ווען איך לייג זיך שלאָפן, קען אַפילע עפּעס אַראָפּפאַלן אויף מיינע אויגן, וועל איך זיי נישט עפענען אַ קוק צו טון, וואָס דאָס איז.

זאָגט דער צווייטער זון:

— פאָטער, דאָס קיניגרייך באַלאַנגט צו מיר! איך בין אַזוי פויל, אַז ווען איך זיץ לעבן אַ פייער־פּלאַץ, איז ביי מיר רעכט אָפּצוברענען מיינע אָפּזאַצן, איידער זיי אָפּרוקן אָן אַ זייט.

נעמט דאָס וואָרט דער דריטער זון:

— פאָטער, דאָס קיניגרייך איז זיכער מיינס! ווייל איך בין דער פוילסטער. ווען איך וואָלט געהאַלטן ביים געהאָנגען ווערן און די שטריק וואָלט שוין גע־לעגן אַרום מיין האַלדז, און עמעצער וואָלט מיר אונ־טערגעטראָגן אַ מעסער, וואָלט איך ליבערשט געבליבן הענגען אויפן שטריק, איידער זיך נעמען די מי אים איבערצושניידן.

מוירע־בוירע האָט אויסגעקליבן דעם דריטן זון און איז אויסגעגאַנגען מיט אַ פוילן שמייכל אויף זיינע ליפּן.

אין דעם שטעטל לעש, אין פענסילווייניא,
האָבן געלעבט אַ קוילנגרעבער מיטן
נאָמען לואידזשי און זײַן פרוי מאַריאַ
און זייער איין-און-איינציק ייִנגעלע —
אַרנאָ.

אַרנאָ האָט געהאַט אויגן בלויע, ווי דאָס בלוי פונם הימל אָנהייב זומער, און שוואַרץ זענען געווען זײַנע האָר ווי די קוילן, וואָס זײַן טאַטע האָט אויסגעהאַקט אינם בויך פון דער ערד.

און עס איז געווען ווען דער טאַטע האָט געדאַרפט אַוועקגיין אינדערפרי צו דער אַרבעט, איז ער צוגעקומען צו אַרנאָס בעטל און לאַנג געקוקט אויפן שלאָפנדיקן ייִנגעלע און זײַנע הענט האָבן זיך צוזאַמענגעלייגט אין אַ טפילע און ער האָט געזאָגט:

— אַ לויב דיר, גאָט, פאַר דעם גנאָד, וואָס דו טוסט מיט מיר יעדן טאָג און ברענגסט מיך אַ געזונטן צו מײַן ייִנגעלע אַרנאָ!

ווען די מוטער מאַריאַ איז אויפגעשטאַנען און איז פאַרטיק געוואָרן מיט אַלע אירע שטוביקע טואונגען, האָט זי גענומען פאַרן הענטל איר קליינעם זון און

האָט זיך אַרויסגעלאָזט איבער די שמאָלע געסלעך, וווּ די קוילנגרעבער האָבן זייערע שטיבלעך געהאַט, ביז זי איז געקומען אויפֿן פֿרײַען פֿעלד, וווּ דאָס אויג האָט זיך געקענט זעטיקן מיט דער בלויער ווײַט, דאָ האָט מוטער מאַריאַ אים אָנגעוויזן אויף די גרינע צינגעלעך וואָס שפּאַרן אַרויס פֿון דער ערד, אויף די מוראַשקעס, וואָס האָווען אַרום אָן אָפּרו. אָט שלעפּן זיי אַ לאַנג שטרויעלע, און אָט עפּעס אַזוינס, וואָס עס איז גאָר שווער צו דערזען. זי האָט אים אָנגעוויזן אויף די קנאָספּן — ווי שנעבעלעך פֿון פֿויגלען — אַרויספּיקנדיק זיך אויף די צווײַגן פֿוןביימער און העט ווײַט אין הימל אײַלן זיך וואָלקנדלעך. און אַרנאָ האָט געקוקט און זיך אויף עפּעס געוווּנדערט און ער האָט זיך צוגע-ווינט אַלץ צו באַמערקן.

און ס'איז געווען, אַז ער איז געבליבן אַליין, איז ער געזעסן שטילשווײַגנדיק בײַם פֿענצטער, זײַנע אויגן גרויסע און בלויע האָבן נײַגעריק נאָכגעפֿאָלגט וואָס אינדרויסן איז פֿאָרגעקומען.

ווען די שוואַלבן זענען אים פֿאַרבײַגעפֿלויגן, האָט איין שוואַלב זיך אָפּגערופֿן צו דער צווייטער:

ער קוקט מיר אויס גאַנץ אַנדערש, ווי די איבע-ריקע קינדער אין דער געגנט, אָט דער אַרנאָ.

— ער איז ווי אַן איידעלער פֿלאַנץ אין די גערט-נער פֿון קאַליפֿאָרניע און זײַנע אויגן דערמאָנען מיר

אָן די בלויע סאַזשעלקעס צווישן די בערג — האָט געַ-
ענטפערט די צווייטע.

ארנאָ האָט נישט פאַרשטאַנען די פייגל-שפּראַך, אָבער זייער אַרומפלאַטערן און פּישטשען האָט בײַ אים אַרויסגערופן אַ ווונטש עפּעס צו טון. ער האָט אויפגעַ-שטעלט זײַנע פינגערלעך און זיך גענומען אַרײַנטײַנען אין זיי. אים האָט זיך פאַרגעשטעלט, אַז דאָס זענען קוילנגרעבער, מיט זייערע לעמפּלעך אויף די דאַשיקעס גייען זיי פון דער אַרבעט, פאַר די צוויי גראָבע פינגער פון ביידע הענט, וואָס האַלטן זיך אָן אַ זײַט, האָט ער נישט געקאָנט צוטראַכטן קיין טואונג.

— מאַמע! — איז ער אונטערגעקומען — דו זעסט? די זענען קוילנגרעבער — האָט ער איר געוויזן — און ווער זענען אָט יענע? האָט ער אָנגעוויזן מיטן בליק אויף די צוויי קײַלעכדיקע, קורצינקע פינגערלעך.

— די זענען די אויפזעער — האָט די מוטער זיך קוים אײַנגעהאַלטן פון אַ שמייכל צו געבן.

נישט פרעמד האָט געקלונגען אין די אויערן פון אַרנאָ אָט דער נאָמען. ער האָט אָפט געהערט דעם טאַטן רעדן מיט צאָרן און פאַרביטערונג וועגן זיי, אַזוי אויך די שכיינים. און די אויפזעער האָבן זיך פאַר אים געמאָלן ווי מאָדנע, בייזע באַשעפענישן, וואָס ווילן שלעכטס טון זײַן טאַטן לואידזשין און די אַלע גוטע, אויסגעהאָרעוועטע מענטשן, וואָס קומען אַרײַן צו זיי אין הויז.

## 5. לאַסאַווריין - צו דער זון

איינמאָל ווען די שוואַלבן האָבן זיך אָפּגעשטעלט אויף דעם איינציקן בוים, וואָס איז געוואַקסן לעבן אַר־נאָס פענצטער, האָבן זיי באַמערקט, ווי דאָס קליינע יינגל איז געווען זייער צעטראָגן. ער האָט גערעדט צו עמיצן, הויך אויפן קאָל, און מיט די קליינע הענטלעך געפּאָכעט אינדערלופטן. זײַן פּענימל איז געווען בלאַס. ער האָט זיך אַלע ווײַלע אויפגעהויבן אויף די שפּיצפינגער און די אייגלעך זײַנע זענען געווען גרויס און ווײַט צעעפנט, און כּוץ אים האָט זיך אין צימער קיינער נישט געפונען.

די שוואַלבן האָבן זיך אין גרויס פאַרוווּנדערונג איבערגעקוקט און איינע, וואָס האָט זיך געהאַלטן פאַר אַ קלוגער און אַ געניטער, האָט מיט זיכערקײַט דער־קלערט:

— דאָס יינגל אַרנאָ זעט פאַר זיך איצט וווּנדער־לעכע בילדער, ער האָט אַ רײַכע פאַנטאַזיע.

אירע כאַווערטעס האָבן געשוויגן, קאָנטיק זיי זענען געווען אײַנפאַרשטאַנען מיט איר, דערנאָך האָבן זיי זיך אַלע אויפגעהויבן און מיט אַ פריילעכן געפּלאַ־טער זיך אַוועקגעטראָגן צו די בלויע הייכן פון די בערג.

די צווײַגן אויפן איינציקן בוים האָבן גענומען שווער ווערן מיט העל־גרינע, סאַמעטענע בלעטער. איין טאָג האָט פאַרביטן אַ צווייטן און די העלקײַט איז פאַרשוווּנדן. זיי זענען געוואָרן טיף גרין און געדיכט.

אַ כוידעש איז געקומען און אַ כוידעש איז פאַר־בײַ. מיטאַמאָל איז מיטן בוים עפּעס געשען. די בלעטער האָבן באַקומען דעם קאָליר פון מעש, וואָס איז ביסלעכ־ווײַז איבערגעגאַנגען אין אַ רויטקייט, וואָס האָט דער־מאָנט אָן די פיסלעך פון טויבן, און גענומען אײַנדאַרן און פאַרלאָזן דעם בוים, ביז ער איז געבליבן מיט הוילע, טרוקענע צווײַגן.

איינמאָל אין אַ פרימאָרגן, ווען אַרנאָ איז צו צום פענצטער האָט ער די וועלט נישט דערקענט. ער איז געווען פאַרגאַפט: ווײַסע שמעטערלינגען זענען געפאַלן פונם הימל, באַדעקט דעכער און גאַסן און דעם בוים בײַם הויז. ער האָט דערפילט אַ ליכטיקע פרייד אויפ־גיין אין האַרצן און ער איז געלאָפן וועקן די מאַמע און ער האָט געשטאַמלט:

— מאַ, זע! זע! זע!

שפּעטער איז בײַ אים די פרייד צערונען און אַ נאָגנדיקע בענקעניש האָט פאַרנומען איר אָרט.

אַזוי האָבן זיך די צײַטן פון יאָר געביטן, אין לויף פון די יאָרן איז אַרנאָ אויסגעוואַקסן אַ גרויסער און שטאַרקער באָכער, קויל־שוואַרצע לאָקן האָבן באַצירט זײַן ברייטן שטערן, זײַנע טיפע, פאַרטראַכטע, אָבער ליכטיק־בלויע אויגן האָבן געוועקט צוטרוי און אַכטונג צו אים.

און ווען אַרנאָ איז געוואָרן זיבעצן יאָר, האָט מו־טער מאַריאַ צוגעגעבן נאָך אַ ווײַס קישן אויף דעם

ציכטיקן אויסגעבעטן געלעגער, וואָס איז געווען אַלע-מאָל צוגעגרייט פאַר אַ נויט-פאַל אָדער טויטנפאַל, ווי עס איז דער אײַנפיר אין די מערסטע קוילנגרעבער-שטיבלעך, און אַרנאַ איז אַוועק אַרבעטן אין אַ מינע.

אַרנאַ האָט געעקבערט ריזיקע פעלזן, זיי גע-בראָכן אויף שטיקער און פון הויפנס ערד און שטיי-נער אַרויסגעבראַכט דעם גלאַנציקן קויל, וואָס האָט ווינטער געוואַרעמט און אַ גאַנץ יאָר באַלויכטן מענטשישע היימען. די פינצטערניש פון גרוב האָט געעקבערט זײַן אויג און ער האָט געזען ווי שווער עס מיען זיך און האָרעווען זײַנע כאַווערים און אַ גרויס ראַכמאָנעס האָט זיך אין אים דערוועקט צו זיי.

בײַם עסן, ווען די קוילנגרעבער פלעגן זיך צו-זאַמענקלײַבן און מיט שוואַרצע פינגער זיך נעמען ראָיען אינם בלעכענעם קענדל מיט שפּײַז, פלעגט אַרנאַ זיי דערציילן וווּנדער-מײַסעס, און איינע אַזאַ מײַסע דעציילט מען נאָך הײַנט אין די בערג פון פענסילווייניע.

אַמאָל, אַמאָל האָבן מענטשן-קינדער ווי ברידער געלעבט. זיי האָבן נישט געוווּסט פון קיין רײַכקייט און נישט פון קיין נויט, צוזאַמען באַאַרבעט די פעל-דער און די פרוכט פון זייער מי גערעכט פאַרטיילט צווישן זיך.

מיטאַמאָל איז געקומען אַ געדאַנק צו די שטאַר-קע מענטשן-קינדער און צו זיי אַזוי געזאָגט:



וועו אַרנא האט דאס דערציילט, האבּן די מינען־אַרבּעטער
געהאַלטן זייערע קעפּ אַראָפּגעלאזן, און עס האט זיך געדאַכט,
אַז אַרנא רעדט עס אַזוי צו דער געדיכטער פינצטערניש אַרום,
אדער ער דערציילט עס זיך אַ מייסעלע פון פאַרצייטן.

— זעט, די וועלט איז אָפן פאַר אײַך, מיט גאָלד און זילבער, מיט קופּער און קויל זענען רײַך די טיפענישן פון דער ערד. אויף די פעלדער צײַטיקט זיך די טווועע און אויף די ביימער — די פרוכט. שטאַרק איז אײַער אָרעם, גרויס און האַרט איז אײַער פויסט, גייט און טוט זי באַהערשן.

און די שטאַרקע מענטשן-קינדער האָבן זיך צו-געהערט צו דעם געדאַנק און זיי האָבן פאַרטריבן אַ טייל פון זייערע ברידער אין די פינצטערע אָפּגרונטן פון דער ערד, אין די ענגע, שטיקנדיקע וואַרשטאַטן און פאַבריקן, און דאָס גאַנצע האָב און גוטס, וואָס די פאַרטריבענע האָבן אויסגעאַרבעט, האָבן זיי פאַרנומען פאַר זיך. און פאַרביטערט זענען געוואָרן די הערצער בײַ די אַרבעטנדיקע.

ווען אַרנאָ האָט דאָס דערציילט, האָבן די מינען-אַרבעטער געהאַלטן זייערע קעפּ אַראָפּגעלאָזען און עס האָט זיך געדאַכט, אַז אַרנאָ רעדט עס אַזוי צו דער געדיכטער פינצטערניש אַרום, אָדער ער דערציילט עס זיך אַליין אַ מעשׂהלע פון פאַרצײַטן.

און ווי ער וואָלט פאַרשטאַנען די געדריקטע געפילן פון זײַנע כאַווערים, פלעגט ער פאַרענדיקן אַזוי:

...און עס וועט זיין, ווען די פאַריאָגטע ברידער וועלן זיך פאַרבענקען נאָכן ליכט פון דער זון און נאָך דער אָוועקגערויבטער פרײַהייט, וועלן זיי אַלע

ווי איינער אַרויס פון די גרובן און וואַרשטאַטן און וועלן אָפּווישן דאָס שלעכטס און דאָס אומרעכט פון דער ערד. און אַ גרויסער יאָמטעוו וועט קומען אויף דער וועלט און אַלע מענטשן־קינדער וועלן אויפסניי לעבען ווי ברידער...

ביי די ווערטער פלעגן זיך ביי די קוילנגרעבער צעצינדן די אויגן און זייערע רוקנס פלעגן זיך אויס־גלייכן. אַרנאַ האָט געוועקט ביי זיי האָפענונג אויף אַ בעסערער צייט און זיין קאָל איז געווען ווייך און צערטלעך, האָבן זיי אים ליב געהאַט און זיי האָבן אויף אים געקוקט ווי אויף אַ לייבלעכן ברודער.

און ס'איז געווען, ווען די אויפזעער פון דער מינע האָבן זיך דערוווסט פון אַרנאָס מייסעס, האָבן זיי גע־וואָרפן אַ בייז אויג אויף אים און איינמאָל, ווען ער איז מיט זיינע כאַווירים אַזוי געזעסן און געשמועסט, זענען זיי אונטערגעקומען און מיט שפּאָט אויף זייערע צונגען אים אויסגעלאַכט און באַליידיקט. זענען אויפ־געשפּרונגען די קוילנגרעבער און זייערע אויגן זענען געוואָרן ווי די עקבערס, מיט וועלכע זיי האָבן אַרויס־געקראַגען די קוילן, און שוואַרצע פויסטן האָבן זיך אַ וויג געטון אינדערלופטן און ס'איז געווען אַ גע־פאַר, אַז מענטשלעך בלוט זאָל זיך גיסן. האָט אַרנאָ אַ באַהערשטער איינגענומען זיינע כאַווירים און צו קיין געשלעג נישט דערלאָזט. אַ שטונדע שפּעטער איז צו אים געבראַכט געוואָרן אַ צעטעלע, ווו מען האָט

אים געמאָלדן, אַז ער איז אָפּגעזאָגט געוואָרן פון דער אַרבעט.

ווי אַ בליץ האָט די נאַכריכט דורכגעשניטן די קוילן־מינע. דאָס טעמפּע עקבערן האָט מיטאַמאָל אויפגעהערט. פאַרשטומט איז געוואָרן דאָס גערויש פון די עלעקטרישע, מיט קוילן אָנגעפּילטע וועגעלעך, און בײַם אַרויסגאַנג האָבן זיך אין העלן טאָג באַוויזן הונדערטער מינען־אַרבעטער מיט אַרנאָ אין דער שפּיץ.

בײַ זײַנע כאַווירים איז געבליבן זיך נישט אומצוקערן צו דער אַרבעט אָן אים.

איין טאָג האָבן זיך אין שטעטל באַוויזן פרעמדע, אָנגעפּאָרענע מענטשן מיט מײַלער צעקרימטע און אויגן אונטערגעשלאָגענע און מיט אַ הוילעך, וואָס האָט אַרויסגערופן עקל און ראַכמאָנעס. זיי זענען פון ערגעץ געבראַכט געוואָרן צו פאַרנעמען די פאַרלאָזטע פּלעצער אין דער מינע. די קוילנגרעבער האָבן צוגעקוקט מיט פויסטן גצבײַלטע און מיט הערצער האַסטיק־קלאַפּנדיקע.

אַרנאָ האָט געוואָרפן אַ באַרויִקנדיקן בליק אויף זײַנע כאַווירים און איז צוגעגאַנגען צו די פרעמדע.

— ברידער מײַנע! — האָט ער זיך צו זיי געווענדעט — זאָלן אײַערע פיס נישט גיין אויף דעם פאַלשן וועג. איר טאָרט נישט פאַרנעמען דאָס ברויט בײַ אָרעמע מינען־אַרבעטער. זעט! זיי האָבן ווײַבער

און קינדער און דער הונגער איז שוין אריינגעדרונגען אין זייערע היימען. טוט דאס נישט, ברידער מיינע!

ער האט נאך נישט באוויזן צו ענדיקן זיינע רייד, ווי די פרעמדע זענען אים באפאלן מיט גרויס רעציכע. דא האבן זיך זיינע כאוויירים אפגעריסן פון ארט און זיך א לאז געטון ארויסצוקריגן זייער כאווער. א גרויס געשלעג האט זיך צעפלאקערט און אין געדראנג, אין דער מעהומע איז ארנא צווישן זיינע אנפאלער און זיינע באשיצער דערדריקט געווארן אויף טויט.

— — — — — — — — — — — — — — — — — —

פון יענער געשעעניש איז שוין א לאנגע צייט פאריבער, אבער אינם שטעטל לעש, וואס ליגט איינגעקלאמערט אין די בערג פון פענסילווייניא, ווערט נאך היינט אויף דער נאמען ארנא דערמאנט מיט גרויס צערטלעכקייט און ליבע, און ווען די קוילנגרעבער קלייבן זיך צוזאמען ביים עסען אין דער פינצטערניש פון דער קוילן-מינע, זיצן זיי שטילשווייגנדיק מיט די קעפ אראפגעלאזטע און קלערן יעדערער פאר זיך וועגן זייער בלוי-אויגיקן כאווער ארנא.




עלים האָט מען אים גערופן. זײַן
פאַרמעגן איז באַשטאַנען פון אַ זעקל
אויף די אַקסלען, און פאַר אַן אָנ־
שפאַר האָט אים געדינט אַ שטעקל,
אויסגעשניצט פון אַן אָליון־צווייג.

אין דערפל האָט מען געשמועסט, אַז סעלים איז
געבוירן געוואָרן אין אַ פולער לעוואָנע־נאַכט, דערפאַר
ק ן ער זיך קיין רו נישט געפינען, ווערט צו קיין
אָרט נישט צוגעבונדן. די דאָרפסלײַט האָבן אין זייערע
הערצער געטראָגן אַן אומצוטרוי צו דעם לאַנגפיסיקן
סעלים. בײַם טרעפן זיך האָבן זיי געכויזיקט: — אַ גאַסט,
סעלים „עפענדי״!

נו, טאַקע, וואָס פאַר אַן „עפענדי״ קאָן זײַן אַ
בעטלער? זיי האָבן פאַרפעלט צו באַמערקן זײַנע
ווייכע, ברוין־פינקלדיקע אויגן און צוהערן זײַנע
צעצויגענע, האַרצנאָגנדיקע לידער, וועלכע ער האָט
געזונגען אויף די זאַמדיקע וועגן, אָנהאַלטנדיק די
האַנט בײַם מויל, ווי ס'וואָלט אים שווער געווען מיט
זיי זיך צו שיידן.

פרײַנד האָט ער אָבער געהאַט צווישן קליינ־

וואַרג. זיי האָבן אויף אים געוואַרט און זיך געפרייט מיט זײַן קומען. זײַן באַזוך האָט פאַר זיי געמיינט נײַע מײַסעלעך צו הערן. מיינט איר דאָך אַוודע וווּנדער-מײַסעס? הייבט זיך גאָרנישט אָן. ס'איז סתּם געווען אַ פאַרגעניגן צו הערן, ווי אַזוי סעלים האָט דערציילט. ער איז געזעסן אַרומגערינגלט פון האַלב-הוילע קונ-דייסים, די לאַנגע פיס הינטער זיך. זײַן קאָל, האָט זיך געדאַכט, קומט פון ערגעץ ווײַט, ווײַט און די ווערטער קײַקלען זיך אַזוינע הייסע און האַסטיקע, אַזש עס פאַרכאַפּט אים דער אָטעם. די קינדער האָבן צוגעהערט מיט אַפּלען, וואָס האָבן זיך געריסן פון זייערע נעסטן, מיט אָפענע מײַלער.

אַנדערש ווערט, ווען די נאַכט פאַלט צו. דאָס געוויין פון שאַקאַלן מאַכט שטום זײַן צונג. אַ פּאַכעד, וואָס גייט איבער אין אַ טיפן אומעט, פאַרקלײַבט זיך הינטער זײַנע שווערע ברעמען. ווערט טאַקע די קינ-דער אומהיימלעך. אַ גליק, וואָס די מאַמעס באַווײַזן זיך דרויסן. זיי כאַפּן אַרײַן די הונגעריקע קינדער און פאַרהאַקן די טירן פון די נידעריקע, ליימיקע הײַזלעך.

סעלים הייבט זיך דאַן אויף פון דער פײַכטער ערד, נעמט פעקל און שטעקל און לאָזט זיך אַוועק מיט לאַנגע טריט אין אַ צווייט דאָרף. אָפּגייענדיק אַ היפּשע שטרעקע, מאַכט ער זיך אַ נאַכטלעגער בײַ דער זײַט פון וועג, מיטן קאָפּ צום דערפל, וווּהין זײַן מאַרשרוט איז געווענדעט.




פריינד האט ער אבער געהאַט צווישן קליינוואַרג.

א שפּראָץ אויף טאָג, ווען אויף די וועגן באַווײַזן זיך לוסטיקע קעמלטרײַבער אָדער אייזלרײַטער, טוען זיי אָפּ א שפּיצל דעם געשמאַק־שלאָפנדיקן סעלים (זיי קענען זײַנע אײַנפאַלן)׃ זיי דרייען אים אויס מיטן קאָפּ צום דאָרף, פונוואַנען ער איז געקומען, און סעלים קען זיך שפּעטער נישט אָפּוואונדערן, ווי ענלעך איין דאָרף איז אויפן צווייטן.

נייגעריק זענען די קינדער געווען צו דערגיין, ווי קומט צו דעם לאַנגפיסיקן סעלים די שרעק פאַר שאַקאַלן, ווי קען ער, אַזאַ גרויסער און שטאַרקער, פאַר עפּעס דען מוירע האָבן? האָט ער זיי דערציילט א קורצע אָבער שרעקלעכע מײַסע׃

„מיט יאָרן צוריק אין איינעם פון די לעצטע טעג „ראָמאַדאַן” (אַ הייליקער מאָנאַט אין פרילינג. די מאַכּ־מעדאַנער עסן דאַן בלויז אינאָוונט און אין גרויען באַגינען). מיר האָבן זיך פאַרפאַסט ווי געוויינטלעך, ווען שטערן האָבן זיך גענומען לעשן׃ שפּעטער זיך צוריק געלייגט און ערשט אראָפּ פון די געלעגערס, ווען די זון האָט דערגרייכט האַלב־וועג. אינדרויסן האָט מען אין יענעם טאָג די נאָז נישט געקענט אַרויס־שטעקן, בײַם קאָפּ פון מאַכאַמעד! איך האָב א סאַך „כאַמסינס”*) שוין איבערגעלעבט, אָבער אַזאַ הייסן ווינט האָב איך נאָך נישט געפילט אויף מײַן לײַב. דער האַלדז האָט געלעכצט נאָך א קאַלטן שלונג און

*) הייסער ווינט.

אין קאָפּ האָט געמישט. ס'איז געווען די גלײַכסטע זאַך צו ליגן רויִק אונטערן דאַך און דרעמלען. האָט אָבער דאָס נעפּעשל מײַנס מאַכמוד נישט געלאָזן. ער איז זיך אַלע ווײַלע פאַרגאַנגען אין ווילדע געשרײַען. ער האָט נישט געקענט פאַרטראָגן די שטאַרקע היצן.

דערלעבט זונפאַרגאַנג, האָט מען זיך צוגעכאַפּט צום קאַלטן קריגל וואַסער, מע האָט צעריבן אַ טאָפּ ברוינע בעבלעך מיט ציבעלע, דעם הונגער פאַרטריבן. בין איך אַרויס צו די יונגען פאַרברענגען. פון יאַם האָט שוין געווייט אַ קיל ווינטל און געקוויקט די גלידער. ערשט שפּעט אײַנאָוונט דערהער איך מיטאַמאָל מויִ־רעדיקע קוילעס. איך טו אַ קוק, דאָס ווײַב מײַנס לויפט, רײַבט די הענט אָן קלייד. פאַרשטיי איך, אַז אַן אומגליק האָט געטראָפן. זי איז שטיין געבליבן, קוים דעם אָטעם כאַפּנדיק (מײַן שטיבל איז דאָס לעצטע גע־ווען אין דאָרף, האָט זי זיך אָנגעמידט). פרעג איך:

— וואָס איז געשען?

שרייט זי, ווי אַ קראַנקע לאַם:

— „אַללאַ זאָל מיך שטראָפן, ווי די שולד איז נישט מײַנע, סעלים! אַרום מיר האָט זיך דער ווײַל פאַרקליבן אַ געזעמל מענטשן. הערן זיי, ווי זי דערציילט מיט טרערן אויף די „וויִעס״: „זיץ איך מיר אַזוי און שאָקל די מולטער. בין איך אײַנגעשלאָפן, צי עס האָט זיך מיר בלויז אויסגעוויזן, נאָר איך הער, ווי שאַקאַלן רײַסן זיך אַרײַן דורכן פענצטער, קלע־

טערן אַרום איבערן שטיבל. איך עפן די אויגן — מאַכ־
מוד איז נישטאָ. מיין איך — עפשער אויף דער ערד
אַרויסגעפאַלן? ניין. געזוכט דאָ, דאָרט, נישטאָ אים".

דאָ כאַפּ איך זי אָן פאַר די האַנט, און מיר לאָזן זיך
מיטן געזעמל צום שטיבל. דעם גאַנצן וועג הער איך
די אייגענע ווערטער:

— אַללאַ זאָל מיך שטראָפן, ווי די שולד איז
נישט מײַנע, סעלים!

גלייב איך איר, אָבער גרינגער ווערט מיר נישט.
מיר לויפן אַרום אַזוי אַ גאַנצע נאַכט און קומען מיט
גאָרנישט צוריק.

ווערט אויף מאָרגן דאָס ווײַב מײַנס שלאַף, קען
פֿון דער ערד זיך מער נישט אויפהייבן, שאָקלט די
ליידיקע מולטער און שעפּטשעט נאָכאַנאַנד:

— זונעלע דו מײַנס, מאַכמוד!

האָט זי זיך געמאַטערט אַזוי נישט מער ווי אַ טאָג
דרײַ און פאַרמאַכט אויף שטענדיק די אויגן.

וואָס איז ווייטער געבליבן צו טון? האָב איך גע־
נומען מײַן שטעקל און אויף די אַקסלען דאָס פּעקל,
און בין אַוועק מיט די וועגן. נישט געקענט מער דאָס
דאָרף אָנקוקן. און אויף די שאַקאַלן איז בײַ מיר פאַר־
בליבן אַ בייזע סינע. איך וועל מוזן מאַכמודן פון זיי
אַרויסקריגן"!

מיטאַמאָל איז סעלים אומהיימלעך אַנטשוויגן
געוואָרן.

## 5. לאסאווין—צו דער זון

דאָ האָבן זיך די טירן אָן עפן געטון און די מאַ-
מעס האָבן אַרײַנגעכאַפּט זייער קליינוואַרג אויף
נאַכטלעגער.

מאַכט זיך, אַז טעלים האָט זיך נישט געוויזן,
בענקט ווײַסע-כעוורע, שטייען אויף די וועגן, קוקן זיך
די אויגן אויס.

קומען קעמלרײַטער פון ווײַטע געגנטן און דער-
ציילן: לעבן אַ פאַרבאָרגענער הייל, אויף אַ באַרגרוקן,
ווו שאַקאַלן נעסטן זיך, האָבן זיי געפונען סעלימען אין
צעפּליקטע קליידער, אָז אַ סימען פון לעבן.

לאָזן דערוואַקסענע אַראָפּ די קעפּ און דערמאָנען
„אַללאַ״; פאַרקלייבן זיך קינדער אין די היימישע ווינק-
לען און קוקן זיך איבער מיט שטומע, אומעטיקע בליקן
און טרערן פינקלען בײַ זיי אויף די ווײַעס.

1

הויך אויף די פענסילווייניער בערג ליגט דאָס שטעטל מענוקאַ. איינזאַם און פאַרגעסן; ווינטער — אונטער שווערע פלאַכטעס שניי, זומער — אין געדיכטע גרינע נעצן. און ווען וואָלקנס לאָזן זיך אַרויס אויף זייער לאַנגן וואַנדער־וועג, און די בערג־שפּיצן ווערן זייער אָפּרו־אָרט, בלײַבט פונם שטעטל קיין זייכער נישט...

לעבן אין מענוקאַ עטלעכע הונדערט פאַמיליעס, צווישן זיי אַ פּאָר צענדליק ייִדישע, און אָפּגעזונדערט אין אַ זייט, קעמאַט בײַם סאַמע וואַלד, וווינט ר׳ לייב דער שויכעט מיט זיין פרוי און עלפיעריק טעכטערל עסטער.

ר׳ לייב איז אַ הויכער, דינער ייִד מיט אַ לאַנגער שוואַרץ־גרויער באָרד אַזש ביזן גאַרטל. פון צופיל הויכקייט און דינקייט האַלט ער דעם קאָפּ אַראָפּגעבויגן. קען קיינער נישט באַמערקן דעם שטילן אומעט, וואָס קוקט אַרויס פון זײַנע אויגן.

זײַן ווײַב — איז דאַווקע אַ קליינינקע, אַ קורצינ־

קע, אַ פריילעכע, מיט פלינקע באַוועגונגען און מיט אַ ליכטיקן שמייכל אויפן קליינעם מויל. און דאָס טעכטערל?

קינדער, ווען איר וועט באַגעגענען אויף די שמאָלע געסלעך פון שטעטל אַ פאַרכאָלעמט און פאַרבענקט מיידעלע, וואָס רעדט אָדער שמייכלט צו זיך אַליין, זאָלט איר וויסן זײַן, אַז דאָס איז דעם שויכעטס טעכטערל עסטער.

ווער האָט אויפגעוועקט אַ בענקשאַפט בײַם קליינעם מיידעלע אין האַרצן?

עפשער דער געדיכטער וואַלד מיט זײַנע הויכע, שווײַגנדיקעביימער? עפשער די דינפיסיקע הירשן מיט די צעצווײַגטע הערנער, מיט די שטיל־פאַרטראַכטע טונקל־קײַלעכדיקע אויגן?

גיכער פון אַלץ די הירשן.

ס'האָט אָפט געטראָפן אַ הירש זאָל בלײַבן שטיין בײַ עסטערס פענצטער און זיך שטאַרק פאַרקוקן אויפן מיידעלע, ווי אויפן גרעסטן וווּנדער און פּלוצים זיך אָפּרײַסן פון אָרט מיט ביידע פעדערשטע פיס און פּאַרויס אָנצוזאָגן זײַנע האָרנדיקע כאַווײרים פון דער מאָדנער באַגעגעניש, אָדער וואַרטן בײַם פענצטער אַזוי לאַנג, ביז עסטער זאָל צוקומען און אַרויפלייגן איר האַנט אויף זײַן גלאַט־גלאַטן האַלדז און ערשט דעמאָלט, אַן אויפגעציטערטער פונם מענטשלעכן באַריר, זיך אָפּ־

טראָגן ווי דער שוואַרצער פעפער וואַקסט, איבערלאָזנ־
דיק ס'מיידל אין הוילע טרערן...

אזוי די ערשטע צײַט.

שפּעטער אָבער האָבן זיך די האַרנדיקע באַשע־
פענישן צוגעוווינט צו איר, געגעסן פון אירע הענט, זי
אָפּגעוואַרט אויפן וועג אַהין־און־צוריק פון שול, און
אין וואַקאַציע־צײַט איז עסטער גאַנצע טעג אומגעלאָפן
מיט זיי און געשטיפט.

האָט אָבער איינמאָל געטראָפן עפּעס אַזוינס, וואָס
האָט עסטערן אָפּגעריסן און דערווײַטערט פון די הירשן,
כאָטש טיף אין האַרצן איז בײַ איר געבליבן אַ בענקע־
ניש נאָך זיי... ס'איז געווען אין אַ פרימאָרגן — טאַטע־
מאַמע זענען נאָך געשלאָפן — האָט זיך עסטער אויפ־
געכאַפּט אַ דערשראָקענע און איז צו צום אָפענעם
פענצטער. אין פאַרנעפּלטן דרויסן האָבן זיך ערשט גע־
נומען דורכברעכן די ערשטע שטראַלן פון דער אויפ־
גייענדיקער זון. אַ פריילעך צוויטשערן פון אויפוואַכנ־
דיקע פייגל האָט זיך געטראָגן פון די ביימער, פון די
קוסטעס, פון אומעטום, און פון ערגעץ טיף אין וואַלד
האָט נישט אויפגעהערט צו קומען אַ פאַרשטיקט כאָרכ־
לען, וואָס איז וואָס ווײַטער געוואָרן אַלץ שרעקלעכער
און פאַרצווייפלטער...

עסטער איז אַרויס דורכן פענצטער אין איין העמדל,
אַ באָרוויסע און גענומען לויפן איבער דער פײַכטער
ערד אַלץ טיפער אין וואַלד. זי איז געווען בייז אויף

די ביימער, וואָס זיי פאַרשטעלן איר דעם וועג, אויף די פויגלען פאַר זייער זינלאָז צוויטשערן. מיטאַמאָל האָט זי פאַרהאַלטן אירע טריט. אין געדרענג פון צוויי צונויפגעוואַקסענע ביימער האָט זי דערזען שטיין אַן אומבאַקאַנטן הירש מיט אַן אַרויפגעריסענעם קאָפּ. זײַנע הערנער זענען געווען פאַרפלאָנטערט אין געדיכטע צווײַגן, די אויגן האָבן בײַ אים אַרויסגעשפּאַרט און פון מויל איז אים געגאַנגען אַ שוים. זי האָט זיך האַס־טיק אַ לאָז געטון צום וואַלד־היטער אין שטיבל, און נישט געפינענדיק אים דאָרטן, האָט זי געכאַפּט זײַן זעג, פלינק אַרויפגעקראָכן אויפן צווילינג־בוים און גע־נומען אַרומזעגן זײַנע צווײַגן. אין עטלעכע מינוט אַרום איז דער הירש געווען באַפרײַט. דאָס אָרימע באַשעפע־ניש האָט זיך פאַרלאָרן אומגעקוקט אין אַלע זײַטן און איז שנעל נישט געוואָרן.

צוויי טעג שפּעטער, ווען עסטער האָט שפּאַצירט מיטן שטעגל, פאַזע דעם וואַלד, איז דער זעלביקער הירש איר אַנגעלאָפן אַנטקעגן—שטיין געבליבן. ער האָט דערקאָנט זײַן קליינע ווילטעטערן. עסטער האָט אים אַרומגעכאַפּט מיטביידע הענט, געגלעט זײַן סאַמעט־ווייכע פעל, געשעפּטשעט אים ליבלעכע ווערטער אין אויער אַרײַן און מיטאַמאָל, באַמערקנדיק זײַן פולן, קײַלעכדיקן רוקן, האָט איר באַהערשט אַ שטאַרקער פאַרלאַנג זיך צו זעצן רײַטנדיק אויף אים. זי האָט צו־געשאַרט אַ גרויסן שטיין און באַלד האָט זי זיך שוין

געפונען אויף זײַן רוקן. דער הירש, ווי ער וואָלט נאָר געוואַרט אויף דעם, האָט זיך פּלוצים אַ ריס געטון פון אָרט און זיך אַוועקגעלאָזט מיטן מיידעלע אין גאַלאָפּ.

עסטערן האָט גענומען שווינדלען פאַר די אויגן דער הימל, דער וואַלד, אַלצדינג האָט זיך געדרייט, ווי אַ קאַרוסעל. באַלד איז זי געלעגן אַ צעבײַלטע אויף דער ערד און פון דעם הירש איז קיין זייכער נישט געווען.

דער וואַלד־היטער האָט זי געפונען און געבראַכט אהיים. די מאַמע האָט געבראָכן די קליינע הענט און איז נישט אָפּגעטראָטן פון איר בעט. דער טאַטע איז נישט אַרויסגעפאָרן פון שטעטל, יעדעס מאָל אַרײַנגעלאָפן אין שטוב געוואָר ווערן וועגן קינד, און ווען ער האָט נאָר צײַט געהאַט, דערציילט איר מײַסעלעך, און אַלע אַזעלכע מאָדנע: וועגן ווײַטע לענדער אויף יענער זײַט יאַם, וועגן אומענדלעכע סטעפּעס, ווו מען טרעפט זעלטן אָן אַ מענטש אָדער אַ בוים.

עסטער הערט זיך צו מיט אַ פאַרכאַפּטן אָטעם האַלט דעם קאָפּ פאַרוואָרפן אויפן׳ טאַטנס ברוסט, און פון צווישן שוואַרצע קרויזן און שוואַרץ־גרויע פעדים באָרד קוקן אַרויף צו אים אַ פּאָר שטיל־פאַרטראַכטע טונקל־קײַלעכדיקע אויגן. ר׳ לייב דערזעט ס׳ערשטע מאָל ווי מאָדנע ענלעך זענען זײַן קינדס אויגן אויף די אויגן פון די הירשן, און אַן אומהיימלעך געפיל נעמט אים אַרום...

איינמאָל האָט עסטער אַ פרעג געטון דעם פאָטער:

— פּאַפּאַ, האָסטו אַמאָל געשאָכטן אַ הירש? — זי איז געווען בלײַך און אירע ליפּן האָבן געציטערט.

בײַם שויכעט האָט זיך ס'פּאָנעם פאַרקרימט, ווי מען וואָלט אים אָנגערירט אויף אַן אָפענער ווונד. ער האָט קיינמאָל נישט גערעדט מיט די שטוביקע וועגן זײַן אַרבעט, ווײַל טיף אין האַרצן האָט ר' לייב פײַנט געהאַט שכיטע, געליטן פונם בלוט־רייעך, פונם גסיסע־כאָרכל, פונם פאַרגליווערטן שרעק אין די בעהיימישע אויגן. מינוטן לאַנג פאַרן שעכטן האָט ער זיך געפּילט אָפּגעשוואַכט, באַטריבט, און שפּעטער, בעאייסן וואַשן זיך, געקוקט אויף זײַנע הענט ווי אויף פרעמדע...

אין אַמעריקע האָט ר' לייב געפּרוווט מאַזל מיט אַנדערע פּאַרנאָסעס. ער האָט געהאַלטן אַ שניט־קראָם, זיך אַרומגעטראָגן אַ צײַט מיט אַ פּאַק סכוירע איבער די הײַזער, געהאַנדלט מיט ספּאָרים; ס'איז אים נישט געגאַנגען. האָט ער זיך אויפסנײַ גענומען צום כאַלעף...

— פּאַפּאַ, פאַרוואָס ענטפערסטו מיר נישט, האָסטו?

— ניין, טאָכטער — האָט זיך דער שויכעט אויפּ־געשטעלט און גענומען אומגיין נערוועז איבערן צימער — ניין, ייִדן עסן דאָך אַזוי' זעלטן הירשן־פלייש...

עסטער האָט אים געהאַלטן פעסט אַרומגענומען און נישט אויפגעהערט איבערצוכאַזערן:

— פּאַפּאַ, כ'האָב דיך ליב, כ'האָב דיך ליב, כ'האָב דיך ליב!

## 2

טרעפט זיך אזא מעשה:

א מייל צוואנציק פונם שטעטל, ווו ר' לייב האט געוווינט — אויפן סאמע בארג־שפיץ — איז געשטאנען א הויכע מויער ארומגערינגלט מיט ברייטע ווערענדעס און פונדערווייטנס האט זי אויסגעזען, ווי אן אויס־טערלישער הוט פון א טעקסעסער „קאו־באי״, דערביי האבן זיך געצויגן ראכוועסדיקע פעלדער — אומבאאר־בעטע און פארוואָרלאזטע. ווו־נישט־ווו האט ארויסגע־שטארצט א צעבראכענער פלויט, א צעוואָרפענער שפייכלער, א שטאל. דעם גאנצן ווינטער האט זיך דארט קיין לעבעדיקער מענטש נישט געפונען, כוץ עפשער דעם אויפזעער, וואס האט געהיט, אז די ארום־בלאנדזשענדיקע ליידיקגייער זאלן נישט אויפברעכן א טיר. דערפאר האט זיך דארט אין פרילינג שטארק גערודערט: א מאכנע דינער איז פון ערגעץ אויסגע־וואקסן און גענומען ראמען און שייערן, רייניקן און לופטערן דאס גרויסע הויז. אין הויף זענען געווען אנ־געלייגט שטיקער מעבל, בעטן, מאטראצן, קיך־מאכשי־רים און אין דער לופט האט זיך געטראגן צוזאמען מיטן רייעך פון רויערד, וואָרצלען און מאך — א פריילעכע דערווארטונג.

ערשט ווען אלץ איז געבראכט געווארן אין אָרד־נונג, האט זיך באוויזן דער באלעבאס, מיסטער ליוויי

מיט זיין פאַמיליע. ער איז געווען אַ דיקער מענטש מיט אַ קיילעכדיקן קאָפּ, מיט ליכטיק-בלויע, פריילעכע אויגן. אין ניו-יאָרק האָט ער געהאַט אַ סאַך הייזער, אַ גרויס פּוטער-געשעפט מיט צענדליקער אַרבעטער. יעדעס יאָר פלעגט ער אַרויסקומען פאַרברענגען די הייסע כאַדאָשים אין זיין זומער-היים, און דאָס זענען געווען כאַדאָשים פון הוליאַנקעס, לוסטיקע עקסקורסיעס, סימכעלעך און בעלער. ביז שפּעט אין דער נאַכט האָט זיך געטראָגן דער טומל איבער דער גאַנצער געגנט, און שכיינישע פאַרמער, וואָס זענען געווען מיד פון אַ טאָג שווערער אַרבעט, האָבן אומפריינדלעך געקוקט אויף דער שטאַרק באַלויכטענער מויער און זעלטן ווען געהאַט אַ גוט וואָרט פאַר איר באַלעבאָס.

איינמאָל, ערעוו אַ סימכע ביי מיסטער ליוויי אויפן גוט, האָט מען געבראַכט דעם שויכעט, ר׳ לייב פון מענוקאַ. עס האָבן אויף אים געוואַרט אין די שטייגן הינער, גענדז און אַנדערע אויפעס. נאָך אין וועג האָט זיך דער שויכעט דערפילט באַטריבט, אָפּהענטיק, ווי אַלעמאָל פאַרן שעכטן, און שפּעטער, גייענדיק מיטן דינער איבערן גרויסן הויף צו די שטייגן, איז ער מער געווען ענלעך אויף אַ מענטש, וואָס ווערט געפירט צו דער שכיטע, ווי אויף אַ שויכעט.

אין אַ שאָ אַרום, ווען ר׳ לייב איז פאַרטיק גע-וואָרן מיט די אויפעס, איז אונטערגעקומען דער באַלע-באָס, ברייטלעך אַרויפגעלייגט איין האַנט דעם שויכעט




..און דא האט מיטאַמאל אַן אומגעוויינלעכע זאַך געטראָפן,
לעבן שויכעט איז עס שטיין געבליבן און פאַרוואָרפן דעם
יונגן אנהארניקן קאָפּ יענעם אויף דער ברוסט.

אויפן אַקסל און מיט דער צווייטער אָנגעוויזן צום אָפענעם שטעלעכל אין אַנדערן עק הויף:

— ר׳ לייב, קוקט — זײַט מויכל — און שטוינט!

אין דער זון האָט מיטאַמאָל אַ שימער געטון די ציטערדיק־גלאַטע פעל פון אַ יונג הירשל. די ערד אונ־טער די דינע, בויגיקע פיס האָט זיך געגריבלט. מיסטער ליוויי האָט זיך געריבן די הענט און געקוואָלן:

— נו, ווי געפעלט אײַך, ר׳ לייב, דער „באָכער”, האָ? גייט — זײַט מויכל — און ווײַזט אים ווי אַ כאַ־לעף קוקט אויס, כע־כע־כע...

ער האָט נאָך נישט באַוויזן רעכט צו ענדיקן די ווערטער, ווי דאָס הירשל האָט זיך פּלוצים אויסגעריסן פונם דינערס הענט און אַ פאַרווירטס, אַ פאַרשיקערטס פון צופּיל זון און ראַכוועס זיך אַ לאָז געטון מיט דראָבנע, האַסטיקע טריט איבערן הויף און... דאָ האָט מיטאַמאָל אַן אומגעוויינלעכע זאַך געטראָפן — לעבן שויכעט איז עס שטיין געבליבן און פאַרוואָרפן דעם יונגן, אַנהאָרנדיקן קאָפּ יענעם אויף דער ברוסט. ס׳האָט געדויערט אַ מינוט, אָבער דער שויכעט האָט איבער־געלעבט אַן אייביקייט; ער איז געשטאַנען אַ צעמיש־טער, אַ בלאַסער אָן אַ טראָפּן בלוט אין פּאָנעם און געזען פאַר זיך אַ פּאָר שטיל־פאַרטראַכטע, טונקל־קײַ־לעכדיקע אויגן קוקן אויף אים מיט שטומען געבעט, מיט קינדערשן צאַר, און אומגעריכט איז אים געקומען אויפן זין זײַן מיידעלע אין די טעג פון איר קראַנקייט,

ווען זי האָט פונקט אַזוי געהאַלטן אָנגעשפּאַרט איר קאָפּ און פונקט מיט אַזעלכע בליקן געקוקט אויף אים.

ער האָט אַרומגענומען ס׳הירשל און שטיל ־ויס־געפּליסטערט:

— שרעק זיך נישט, עסטערל — איכ׳ל דיר נישט טון קיין שלעכטס...

דער דינער האָט מיט רוגזע אַנעם געטון ס׳הירשל און עס אָפּגעפירט צוריק אין שטעלעכל. די מענטשן אַרום, וואָס האָבן אַלץ צוגעזען, האָבן לײַכטער אָפּגע־אָטעמט און זיך גענומען צעגיין.

— ר׳ לייב — האָט מיסטער ליוויי געשטאַמלט — מען דאַרף עס אָפּלייגן אויף אַן אַנדערש מאָל...

דער שויכעט האָט נישט געהערט וואָס מיסטער ליוויי האָט גערעדט. ער האָט אָפּגעוואָרפן פון זיך ס׳קעסטל מיט כאַלאָפים און איז מיט וואַקלדיקע טריט אַרויס פון הויף.

אין סאַמע האַרץ פֿון שטעטל געפֿינט זיך אַ גאָרטן אַ דרײַעקיקער. וואַקסן דאָרט הויכע, שלאַנקע ביימער, מיט בלעטער געדיכט באַלאָדענע, פֿאַלן לאַנגע, קילע שאָטנס אויף קעפּ דערוואַקסענע און אויף קינדערשע.

בײַם ערשטן גאָרטנעק שטייט אַ ייִנגל. פֿאַר זײַנע אויסגעטראָגענע שיכלעך ליגן פּעק מיט צײַטונגען. מעסטן דעם ייִנגלס שמאָלע אייגלעך יעדן פֿאַרבײַגייער, און ס'מויל, וואָס איז אויסגעדרייט אין דער זײַט, רוט נישט, וואַרפֿט הויפֿנס הייסע ווערטער, ווי פֿון אַ קעסל אַ זודיקן. קויפֿט אַ צײַטונג ווער און טוט אַ שמייכל, ווײַל ווי אַנדערש? דעם ייִנגלס קליינטשיק פּאָנעמל איז באַשפּרינקלט עפּשער מיט מיליאַסן געלע פֿינטע־לעך, און ס'נעזל שפּילט־צולעהאַכעס מיטן מויל און רײַסט זיך דאַווקע אויף אַרויף. דער ייִנגל שטופּט די קופּערנע מאַטבייעס טיף אין קעשענע און האַלט אַראָפּ־געלאָזן די ברעמען זײַנע, ווי איינער, ווען מ'קען מיט אַ שמייכל נישט אַוועקמאַכן.

דעם ייִנגל רופֿט מען ד ז ש י ם!

מעג זײַן נאָמען נישט זײַן אַזוי, אויב ער׳ט דער־לאָזן זײַנעם אַ קוינע זיך אָפּצושטעלן בײַם צווייטן גאָרטנעק, וואָס דזשעקי דאָס נעגערל באַטראַכט פאַר זײַן טעריטאָריע.

אוּן טרעפט עס —

צעשמייכלען זיך די ווײַסע ציינדלעך בײַ דעם קליינעם דזשעקי, אָבער די אַפּלען, ווי געפאַנגענע מײַז־לעך, גליטשן זיך אין שרעק פון ברעג צו ברעג און אויף צוריק, ווײַל דזשימס פּיסטל איז אַ האַרטס! אַ גליק, וואָס ער ווערט גלײַך פאַרטון מיט נײַע קונדן, און שפּעטער לאָזט דער קאַס אים אָפּ און ער פאַר־געסט.

צעשפּרינגט זיך דאַן דזשעקי׳ס שוואַרץ גופל אין אַ „דזשיג״ און צעוויגט זיך הין און הער, אַזש פונקען פליִען!

ווײַל וויסן דאַרף מען, אַז דזשעקי איז אַ טענ־צער. און ווען זײַן טאַטע איז נאָר אויפגעלייגט און טויט אַ נעם דעם ווילן סאַקסאָפאָן, איז דזשעקי מער נישט ער, נאָר אַ פרווזשינקעלע אַזאַ, וואָס ווייסט נישט פון קיין אָפּהאַלט און קיין אויפהער. זײַן גופל וואַרפט זיך, נעמט אָן געשטאַלטן מאָדנע. אָט איז ער אַ לאַמעד (ל) אַ געדרוקטער, איין הענטל ווײַט פאַרוואָרפן אי־בערן קאָפּ און אַ פיסל אויף אַהינטער אויסגעבויגן, און אָט ווערט ער גאָר אַ בייגל, פיאַטעס ברוינע באַ־רירן האַסטיק שוואַרצע וואָל.

קורץ, ער איז אַ מאַדים. ווייסן מענטשן פון די קונצן זײַנע און גיבן אים צו לייזן, אָבער האַרצווייטיק האָט ער אויך אַ סאַך, ווען ער דערקענט אַ צײַטונגס־קויפער זײַנעם בײַם יינגל יויליק, וועלכער פאַרנעמט דעם דריטן גאָרטנעק מיט זײַן פּאַפּירענער סכוירע.

יויליק, יויליק! ווער קען אים נישט אין שטעטל? עפּשער דערפאַר, ווײַל ער האָט אויגן מער ווי פּאָנעם? פאַרטשעפּען זיי מענטשן אין גאַס, בלײַבט מען שטיין אין כידעש — אַ וועלט מיט אויגן! לייכטן זיי מיט אַן אומעט אַ נישט־קינדערשן און קוקן, ווי פון עפּעס זייער שטאַרק פאַרוואונדערט. לייגן זיך שמאָלע מיידלשע הענטלעך אויף זײַן שוואַרץ־געלאָקט קעפּל און מײַלעכלעך קליינע, שמעקעדיקע פרעגן זיך נאָך:

— וואָס מאַכסטו, יויליק ליבער?

האָט אָבער יויליק די געוווינהייט פון זײַן טאַטן — ער שווײַגט. אַפילע הוסטן הוסט דער טאַטע בײַנאַכט און דאָס אין קישן, קיינער — הייסט עס — זאָל נישט הערן. אָבער יויליק הערט, אוי הערט ער! ער לאָזט אַראָפּ די דינע פיסלעך אויפן דיל און ס'קלאַפּט אין קלעם ס'הערצל זײַנס: „גאָט, ווען וועט ער שוין אויפהערן?" ער ווייסט, אַז אָפּגעשוואַכט זענען די לונגען בײַם טאַטן פון צופיל אַרבעטן. העלפט אַרויס די מאַמע טאַקע און אויך ער, יויליק. און ס'אײַנגעלייזטע געלט גיט ער אַוועק דער מאַמען. דעם טאַטן נישט צו פאַרשעמען... ווייסט יויליק, אַז ער האָט

זיך אויף קיינעם נישט צו פאַרלאָזן. מאַכט ער זיך פרישטיק אַליין אינדערפרי, כאַפּט די ביכער און נישטאָ אים. געקומען פון „סקול״, אַ ביס געטון וואָס־נישט־איז און ער שטייט שוין מיטן צײַטונגספּאַק אויף זײַן עק גאָרטן.

אינאָוונט, פאַרן אהיימגיין, קומען זיך אַלע דרײַ קאָנקורענטן צוזאַמען אויף אַ באַנק. פרעגט דזשים מיטן מויל אין דער זײַט:

— איר'ט געלייזט אַ סאַך?

דער קליינער דזשעק שרעקט זיך צו זאָגן וויפל. לייגט ער צוזאַמען ביידע פולע ליפּן און ס'קומט ארויס: — סאָ, סאָ (אַזוי, אַזוי)

יויליק ענטפערט טראָציק: זאָג דו צוערשט!

דזשים טוט זיך אַ פּאַטש איבער דער קעשענע, אַזש די מאַטבייעס צעקלינגען זיך.

— כ'וועט, מער פאַר אײַך ביידן!

פאַלט אַרײַן ס'נעגערל:

— יו נאָ ווײַ? (דו ווייסט פאַרוואָס?) ב'קאָז טהי קעט טאָלד איי ליי (ווײַל די קאַץ האָט געזאָגט אַ ליגן), ענדיקט ער צום גראַם. פאַרשטייט מען שוין, ועמען ער מיינט מיט דער קאַץ? אַלע דרײַ קינדער לאַכן זיך פונאַנדער.

דזשעקי פילט, אַז איצט איז די פּאַסיקע מינוט עפּעס צו באַווײַזן. לאָזט ער זיך אַוועק אין אַ האַסטיק „דזשיג״. באַלד פאַרבייט ער עס אויף אַזאַ קאָמיש




לאזט ער זיך אוועק אין אַ האַסטיק „דזשיג“.

שפּאַנען, וואָס מען רירט זיך נישט פון אָרט. דזשים און יויליק, פון ביידע זײַטן, פּעטשלען צו צום טאַקט.

מיטאַמאָל כאַפּט זיך יויליק, אַז ס'איז שפּעט. גיט ער אַ זאָג:

— צײַט אַהיימצוגיין! און ווערט נישט אין דער נאַכט. דזשעקי הערט אויף צו טאַנצן. באַלד דערזעט מען זײַנע דיגינקע פּיסלעך ווי שטרויעלעך זיך טראָגן איבערן גאַס אַהיים. נאָר דזשים אײַלט זיך נישט, קיי־נער וואַרט אויף אים אינדערהיים נישט. אויפן קליינעם בעסוילעם, וואָס בײַם עק שטעטל, ליגט אין רו זײַן מאַמע. זײַן פּאָטער איז אַ קוילנגרעבער. שטייט ער אויף. אַ שפּראָץ אויף טאָג, דערפאַר לייגט ער זיך פרי שלאָפן, ער איז טאָמעד בייז און כמורנע און ווייסט צומאָל נישט, וואָס זײַן יינגל טוט.

דזשים גייט איבער די שמאָלע, טונקעלע געסלעך די הענט אין די קעשענעס פאַרוקט און פײַפט זיך צו פאַר היימלעכקייט ווענן:

„מערי האָט געהאַט אַ קליין לעמעלע,
האָט עס דער טאַטע דערשאָסן אויף טויט,
ווען וועט זי פוצן מיט איר קעמעלע?
פאַר ווען וועט זי איצט קלייבן
ברעקלעך ברויט?



ייסט צום פיקניק, מויש?

אין טיר זענען געשטאַנען דזשעסי און ביל מיט פעקלעך אויף די אַקסלען.

— צום פיקניק? וואָס פאַראַ פיקניק?

— קום שוין! מירן דיר דערציילן אויפן וועג — איז ביל געווען אומגעדולדיק — די גאַנצע כעוורע איז שוין אַוועק...

— מאַ, קאָן איך? — האָט מויש אַרײַנגעשריגן אין צווייטן צימער.

וווהין? — איז אויסגעוואַקסן דעם יינגלס מאַמע אַ פאַרהאַוועטע.

— צום פיקניק, מעדעם, צום פיקניק — האָט אויך דזשעסי מער נישט געקאָנט אײַנשטיין.

— איז הײַנט אַ פיקניק? נישט געהערט... — האָט די פרוי מיט נייגער באַטראַכט די צוויי שכיינישע יינג-לעך און אָפּגעשטעלט אירע ברוינע, פינקלדיקע אויגן אויף איר זון:

— ווילסטו טאַקע גיין, מוישע? זע אָבער, זײַן צוריק אויף וועטשערע.

באלד האָבן די כאוויירים אוועקגעמאַרשירט ווי דרײַ סאָלדאַטן איבער די זונטיקדיק־שטילע גאַסן פון שטעטל. אָבער אָנשטאָט ביקסן, האָבן זיי געטראָגן שטעקלעך, צו וועלכע עס זענען געווען צוגעטשעפּעט זייערע פּעקלעך מיט שפּײַז.

דער טאָג איז געווען אַ הייסער, אַ שטיקנדיקער. די געל־רויטע דזשאָרדזשיער ערד האָט געברענט די טריט, אָנגעוואָרפן אַ שלעפעריקייט.

— מיינסט, אַז מיר וועלן זיך טאַקע דורכשטופּן?— האָט דזשעסי איבערגעריסן דאָס שווײַגן און זיך פאַר־קוקט אויף די פּאַלמע־שפּיצן, וואָס האָבן זיך קוים־קוים באַוועגט.

— איך וועט זיך, אַז מיר וועלן! — האָט ביל ווילעריש פאַרזיכערט — דו זעסט אָט די... האָט ער אָנגעוויזן אויף זײַנע שפּיציקע עלנבויגנס — זיי זענען ווי עקבערס. דענקסטו נישט אַזוי?

— אָ, „באַי“! האָט דער צוועלף־יעריקער, בלאַסער דזשעסי אויסגערופן מיט באַגייסטערונג — ווי עקבערס! „יו בעט“!

צווישןביידע קינדער איז אוועק אַ שמועס, ווער ס'איז פון אַלע ייִנגלעך דער שטאַרקסטער, און דזשעסי האָט געמוזט צוגעבן, אַז קיין שטאַרקערער פון בילן איז אין דער גאַנצער נאָכבאַרשאַפט נישטאָ. דערנאָך איז דער שמועס אַרויף אויף געשלעגן, אויף „פּרייז־

פייטס״, אויף דזשעק דעמפסי. אין מוישען האָבן זיי
אינגאַנצן פאַרגעסן.

מוישען האָט עס נישט געאַרט. ער האָט געשפּאַנט
אַ פאַרטראַכטער בײַ דער זײַט און זיך שטיל אונטער־
געברומט ס׳לידל, וואָס דער לערער פון דער ייִדישער
שול האָט אינדערפרי געזונגען מיט די קינדער אין קלאַס:

אויף שפּאַ־ציר!
אויף שפּאַ־ציר!
מיט די פּעקלעך אײַנ־אײַנ־געפּאַקט...

פלוצים האָט די ייִנגלעך אָנגעיאָגט אַ לאַסט־וואָגן
מיט אַ זינגענדיקער כעוורע באָכורים און מיידלעך.
באַלד אַ צווייטער און אַ דריטער... אויף די גאַסן איז
געוואָרן טומלדיק: פון אַלע זײַטן האָבן זיך איצט גע־
צויגן מענטשן – אַליין און מישפּאָכעווײַז – צום וועלדל,
וואָס האָט זיך געמערקט פונדערווײַטנס.

די ייִנגלעך האָבן מער נישט געקענט גיין גע־
לאַסן, ווען אַנדערע זענען געפאָרן. האָבן זיי גענומען
אונטערשפּרונגען, זיך קוליען, און צום סאָף זיך האַס־
טיק אַוועקגעטראָגן צום וועלדל. דאָרט איז שוין
צווישן דיביימער געווען צונױפגעקליבן אַ גרויסער
אוילאָם: יונג און אַלט מיט קינדער בײַ דער זײַט און
אויף די הענט. מען האָט זיך געשטופּט און געשפּאַרט,
און אין ליאַרם, אין ענגשאַפט זענען אַרומגעלאָפן
קליין און גרויס, פאַרקויפנדיק פאַרשידענע געטראַנ־
קען, ווורשטלעך און פרוכט.

## 5. לאסאווין — צו דער זון

דזשעסי און מויש האָבן אַ קוק געטון אויפן אוילאָם און דערנאָך אויף בילן מיט אַ בליק, וואָס האָט געזעדט קלאָרע דיבורים:

— אַנו, ווײַז נאָר אַקאָרשט, ברודערל, וואָס דו קאָנסט דאָ אויפטון!

ביל האָט זיך נישט געלאָזט לאַגג בעטן; ער האָט זיך אַרײַנגעוואָרפן מיט די עלנבויגנס אין מענטשן־שטראָם, און ווי אַ געניטער שיפער מיט זײַנע וועסלעס, האָט ער גענומען מאַכן אַ וועג פאַר זיך און פאַר זײַנע כאַווירים. אין אַ פּאָר מינוט אַרום זענען די יינגלעך אַרויס אויף אַ פרײַען, אָפענעם פּלאַץ. אין דער סאַמע מיט איז געשטאַנען אַ פּלאַטפאָרמע, אַרום אין אַ קרייז זענען מענטשן געזעסן ווער בײַ ברייטע, דעמבענע טישן, ווער אויפן פריש־געשניטענעם גראָז. און כאָטש דער אוילאָם איז געווען פאַרטון אין עסן, אין שטיפן, אין שפּילן אויף האַרמאָניקעס און פײַפערלעך, איז אויף אַלעמענס פּענימער געווען אויסגעגאָסן אַ נײַגעריקייט, אַן אומגעדולדיקייט, אַ נערוועזיטעט...

— וו ע ע ל, ווו איז ער? איז ביל אונטערגעקומען צו דער כעוורע יינגלעך פון זײַן נאַכבאַרשאַפט, וואָס איז שוין דאָרט געווען פון פריער — ווו איז ער?

— מען האָט אים נאָך נישט געבראַכט — האָט זיך אָפּגערופן אַ ברייט־ביינערדיק יינגל מיט אַ פּאַריסענער נאָז.

— דזשי־וויז! — האָט מיט פאַרדראָס אַרויסגע־זאָגט דזשעסי.

די דרײַ יינגלעך, אַרומגערינגלט פון זייערע כאַוויירים, האָבן נאָך נישט באַוויזן רעכט אויפצובינדן זייערע פעקלעך, ווי ס׳האָט זיך פלוצים דערהערט אַ ווילד פײַפערײַ, פון אומעטום האָט מען זיך גענומען יאָגן איינער איבערן צווייטן, ווי אַ פײַער וואָלט אויס־געבראָכן. אין געדרענג האָבן זיך די כאַוויירים אָנגע־ווירן, האָבן פאַרלוירן זייערע פעקלעך מיט די שטעק־לעך און זענען אַוועקגעשלעפּט געוואָרן פונם מענטשן־שטראָם אין פאַרשידענע זײַטן.

מוישע האָט זיך אָנגעכאַפּט פאַר אַ שטאַנג פון דער פלאַטפאָרמע און איז דאָרט פאַרבליבן, ביז ס׳איז געוואָרן גראַמער אַרום אים. אָבער אין אַ מינוט שפּע־טער האָט זיך דער האַמוין אַ קער געטון אויף צוריק; איצט איז עס צוגעגאַנגען מיט מער אָרדענונג: פאָרויס האָט געשפּאַנט אַ הויכער יונג מיט אַ צעשויבערטן קאָפּ, מיט פריילעך אויפגעריסענע אויגן און נאָך אים האָט זיך נאָכגעשלעפּט אַ געבונדענער נעגער. די קליידער אויפן נעגער זענען געווען צעריסן. דאָס פּאָנים צעבײַלט און פון מויל איז בײַ אים גערונען בלוט. הינטערן פירער און געפירטן האָט זיך געטראָגן דער האַמוין, ווי אַ הונגעריקע סטאַיע וועלף, מיט קלאָלעס און געשרייען:

— לינטשט דעם נעגער! לינטשט דעם נעגער!

— הענגט אים אויף, דעם הינטישן זון!

— אין יעזוסעס נאָמען, הענגט אים אויף!

באַלד האָט מען דעם נעגער אַרויפגעפירט אויף דער פּלאַטפאָרמע, און דער הויכער יונג האָט פאַר־וואָרפן אַ שטריק אַרום אַ צווייג.

— איך שווער, אַז כ׳האָב עס נישט געטון! איך שווער, אַז כ׳האָב עס נישט געטון! — איז דער נעגער אַ פאַל געטון צום הענקערס פיס.

— שטיי אויף, דו שוואַרצער הונט! — האָט דער יונג, פאַרענדיק זיך מיטן שטריק, אויסגעדרייט צו אים אַ צאָרנדיק פּאָנעם.

אויף די טישן, אַרום דער פּלאַטפאָרמע זענען מענטשן געשטאַנען קאָפּ־אויף־קאָפּ, ווער ס׳האָט דאָרט קיין פּלאַץ נישט געפונען, האָט זיך אָנגעכאַפּט אין אַ צווייג, און אויפן קליינוואַרג, וואָס האָט אומזיסט גע־ריסן די קעפּלעך אַרויף, האָבן זיך די עלטערן דער־באַרימט און זיי גענומען אויף די הענט.

מיטאַמאָל האָבן זיך דערהערט האַסטיקע טריט פון אַ רײַטער. דער אוילאָם האָט מיט נײַגער אויפגע־הויבן די אויגן און דערזען פונדערווײַטנס דעם טפּיסע־באַאַמטן. ער האָט געפאָכעט מיט דער האַנט און האָט אויסגעזען זייער אויפגערעגט און אויפגע־בראַכט. ער איז שנעל צוגעריטן צו דער פּלאַטפאָרמע און זיך געווענדעט צום אוילאָם:

— ברידער־בירגער, האָט גאָט אין האַרצן! לאָמיר




דאס יינגל האט זיך אַ ריס געטון פון ארט און, ווי געביסן
פון אַ שלאַנג, זיך געלאזט לויפן...

אים אָפּפירן צוריק אין געפענגעניש, און אויב ער איז שולדיק, וועט ער באַשטראָפט ווערן...

דער האַמוין איז געבליבן פאַרגליווערט און שטום. אויף אַ ווײַלע האָט אויפגעלויכטן אַ האָפענונג פאַרן שוואַרצן יונגנמאַן.

— שולדיק — נישט שולדיק! איז אַרויסגעטראָטן דער הויכער יונג — ווי וועסטו עס אונטערשיידן, כאָכעם איינער — האָט ער אַ לאַך געטון דעם באַאַמטן אין פּאָנעם אַרײַן — פון איין נעגער ביזן צווייטן, הע? אַז אַ זייעריקער האָט געגאַנוועט, דאָס איז אַ זיכערע זאַך.

— געוויס אַ זיכערע! — האָט זיך אָפּגערופן אַן אַנדערער — דער טײַוול מיט אים! מירן אים נישט לאָזן אַוועקגיין אָט־אַזוי־אָ! מיר זענען געקומען האָבן „פאָן".

פון פאַרשידענע ערטער האָט מען גענומען איבערכאַזערן די זעלבע ווערטער:

מיר זענען געקומען האָבן „פאָן", זענען מיר נישט?

„יו בעט", אַז איר וועט האָבן „פאָן"! — האָט דער הויכער יונג זיי באַרויִקט — לאָזט עס צו מיר, „באַ־יעס"! — און ער האָט זיך ווידער אַ נעם געטון צום שטריק.

מוישע, וואָס איז די גאַנצע צײַט געשטאַנען אַ צעקלעמטער, אַ בלאַסער מיט טרערן אין די אויגן, איז

פּלוצים אויפגעשפּרונגען און נישט מיט זײַן קאָל זיך צעשריגן:

— ס'איז אַ שאַנד! אַ שאַנד, זאָג איך אײַך! לאָזט אים גיין! לאָזט אים גיין!...

קיינער האָט אים נישט געהערט. אַרום האָט גע־קיכעט מיט געלעכטער, מיט שפּאַסערײַ, מיט בייזע אויסרופן. דאָס ייִנגל האָט זיך אַ ריס געטון פון אָרט און, ווי געביסן פון אַ שלאַנג, זיך געלאָזט לויפן דורכן צעיושעטן האַמוין אַהיים.

— וווּהין, „מויש? — האָט ער דערהערט דזשעסיס קאָל הינטער זיך — דער פּיקניק הייבט זיך ערשט אָן!

— דער „פּיק—ניק" — האָט מוישע אַרויסגעזײַפט דורך די ציין—אַ שיינער „פּיק—ניק"! און ער איז נישט געוואָרן, נאָך איידער יענער האָט צייט געהאַט עפּעס צו ענטפערן.

---

פאַרנאַכט, די זון איז פאַרשווונדן הינטערן וועלדל און געלאָזן בלוט־רויטע פלעקן איבער דער גאַנצער ברייט פון הימל. אין שטילן דרויסן קלינגען די קלויסטער־גלאָקן בייז און איימעדיק — קלינג־קלאַנג! קלינג־קלאַנג! ווי זיי וואָלטן וועלן אָנזאָגן דער וועלט, וואָס הײַנט איז פאָרגעקומען אין וועלדל — קלינג־קלאַנג!

איבער טונקעלע גאַסן שאַרן זיך מענטשן — אַליין און מישפּאָכעווײַז — ווער מיד און גלײַכגילטיק, ווער

ערנסט און פרום־פאַרטראַכט. אָבער אַלע מיט נאָך נישט קיין אָפּגעווישטע שפּורן פון שאַרפער אויפגע־רעגטקייט, פון טיפער איבערלעבונג. באַלד ווערט אַ טייל פאַרשווונדן הינטער די שווערע טירן פון קלויס־טער, אַנדערע — אין די הײַזער צו ווערטשערע — צו אוונטלעכער רו...

מוישע זיצט בײַם אָפענעם פענצטער און הערט זיך צו צום גלאָקן־געקלאַנג. אין צימער איז האַלב־טונקל, שטיל. אַנטקעגן אים שטייט די מאַמע אַ שווײַגנ־דיקע און קוקט אויך אַרויס אינדרויסן.



ווײַט פון ייִשעוו שטייט אַ הויז אַליין
אין פעלד. פאַרוועלט זיך דעם ווינט
פאַר הימל און ערד אַ באַרים טון מיט
זײַן גווורע, לאָזט ער זיך מיט געפּיל-
דער און ווילדן אימפּעט אויף טיר און פענצטער און
פּרוּווט דעם דאַך מיט רוגזע אַרונטעררײַסן.

שלאָפן מענטשן מידע פון אַ טאָג שווערער אַרבעט,
פילן אָן דאָס צימער מיט קלאַנגען מאָדנע, וואָס מישן
זיך צונויף מיטן געבריל פונם ווינט און לאָזן נישט
אָן אויג צומאַכן דעם קליינעם דאָן. דערצו צעטענצלען
זיך נאָך טראָפּנס רעגן אויף דער שויב, ווי שטעקלעך
אויף אַ פּויק. ווערט דאָס ייִנגל בייז און זעצט זיך אויף,
און אים דאַכט זיך אָפּט, אַז אין דער נאַכט טראָגט
זיך אום דאָס פאַרצווייפלטע מוקן פון דער ווײַס-גע-
פלעקטער קו, וואָס דער פאָטער האָט אויפזוכן פאַר-
פעלט.

פלינק איז דאָני ווי אַ קאַץ און אײַנגעשפּאַרטער
פונם ווינט. לאָזט עס אים נישט ליגן רויִק. אַ ווײַלע
שפּעטער שפּאַנט ער שוין אײַנגעהילט אינם טאַטנס שאַפּן-

פעלץ, און ביי דער זייט וויגט זיך אים אַ לאַמטערן הין און הער און וואַרפט אַ בלייכן שיין אויף צעווייקטער ערד.

דערזען דעם קליינעם אַזוי שפּעט אינדרויסן, אַז דערווינט טוט זיך דאָס אַ צעיאָג און אַ צעטראָג מיט אַ כאָ—כאָ—כאָ און כאַ—כאַ—כאַ גלייך אויף אים אָט פון פאָרנט, באַלד פון הינטן.

ציט אַיין דאָס יינגל צווישן שמאָלע אַקסלען ס׳קעפּל און שפּיזלט די נאַכט מיט אייגלעך שאַרפע און לאָזט זיך נישט פון וועג אַרונטערפירן.

ווערט ווינט ביי זיך געפאַלן און שאַרט זיך שוין נעבעכדיק נאָך דאָניס דרייסטע טריט. אָבער דער רעגן ווייסט נישט פון קיין אויפהער. ער נעצט דעם טאַטנס פּעלץ און גיט די ברייִרע דעם קליינעם אַקשן ענטווע-דער זיך אומצוקערן אַהיים, אָדער צעווייקט ווערן — צו אַלדע קאַדיק — ביזן לייב.

מיטאַמאָל נעמט דאָן צונויף די ליפּן און לאָזט אַרויס אַ לאַנגן שניידנדיקן פייף, אַז ס׳איז שווער צו טרעפן, וועמען מיינט ער עס צו גרייכן: די ווייס-גע-פּלעקטע קו, צי אַהין, פונוואַנען די רעגן-בייטשן קומען?

אויסגעמאָסטן דעם טאַטנס זעקס און דרייסיק אַקער, קערט זיך דאָס י.נגל אום צוריק מיט ציינדלעך קריצנדיקע פאַר ווייטיק און פאַרדראָס: „ווו קען פאָרט די ווייס-געפּלעקטע זיין?"

2

אויף מאָרגן איז דעם דרויסן מער נישט צו דער־קענען. אויסגעוואַשן ציט זיך ווײַט און ברייט דער קלאָרער הימל, גיסט זיך מיטן זוים פון גרינעם פעלד צונויף אין איינס. נאָך הענגען טראָפּנס ציטערדיק אויף גראָז און בלאַט און שפּיגלען אָפּ אין זיך די פרײַדיק־שפּילעוודיקע שטראַלן פון דער זון.

שטייט דאָני פאַרן הויז און זשמורעט פון צופיל זון און ליכט די אויגן זײַנע. ער וואָלט אַצינד געוואָלט פריילעך זײַן. נאָר די זאָרג איבער דער פאַרלוירענער בעהיימע טרעט נישט אָפּ פון אים. פּלוצלינג באַווײַזט זיך העט ווײַט אַט־דאָרט אַ פלעק, וואָס ווערט מיט יעדן אויגנפּינטל גרויס און גרעסער. און טאַקע גלײַך איז שוין דערקענען לײַכט, אַז ס׳האָט זיך אָפּגעזוכט דער שאָדן: עס שפּאַנט די קו. און — וווּנדער איבער וווּנדער — נישט אַליין, נאָר אויף דינע, וואַקלדיקע פיסלעך שלײַכט זיך נאָך אַ בלענדנד־ווײַס קעלבל.

דאָני רײַסט זיך אָפּ פון אָרט, און איינס און צוויי — ער איז שוין בײַ דעם פּאָרל. די מאַמע־קו נעמט אים אויף מיט אַן אימפּעדיקן מוקן און גלאָצט בעאיים מײַסע ווייך און לאַשטשענדיק: „זעסט, אַ סימכע הײַנט בײַ מיר, דאָני קליינער!"

דער קליינער קען אָבער לאַנג נישט שטיין. ער לויפט די בסורע אָנזאָגן אין הויז.

און מאָדנע: נישט דער טאַטע, נישט די מאַמע ווערן איבעראַשט.

די מאַמע זאָגט פּאַשעט און געלאַסן:

ס'וועט זײַן מילך לעשעפע פאַר די קינדער!

און דער טאַטע גיט צו:

— אויב ס'איז אַ ביקל, וועט מען דעם קאַצעוו לאָזן וויסן.

פילט דאַני, אַז איצט איז נישט קיין צײַט צו שווײַגן.

— „די פאַרע אַדומע" איז דאָך כוילע — דערמאָנט ער זיך אין פּאָטערס ווערטער — און דאַרף דאָך די מילך פאַרן קעלבל".

— וואָס זאָגסטו אויפן צאַר־באַלע־כאַיעמניק? — פאַרמאַכט דער טאַטע הינטער זיך די טיר.

— הערסט, מאַ, כ'וויל נישט, מע זאָל דעם קאַצעוו רופן, הערסט? — שטייט דאַני צו, און פונקען צינדן די אייגעלעך זײַנע.

— אַ נײַער אײַנזאָגער! — ווערט די מאַמע נישט ניספּאָעל. פונדעסטוועגן, ווען זי באַמערקט, ווי בלאַס דאָס יינגל איז געוואָרן, ווערט זי ווייכער.

— נאַר, ס'קען דאָך געמאָלט זיין, אַז ס'איז אַ קעלבל!

דאַני כאַפּט זיך אָן אין דעם שטרויעלע און ווערט אויסגעלייזט פון זאָרג.

3

אין שטאַל טוט זיך כוישעך. דער טאַטע וויל נישט אַנדערש, אַז ס׳קעלבל זאָל פון שעפל טרינקען מילך, און דאָס אײַנגעשפּאַרטע קעלבל ציט דאווקע צו דעם פולן אײַטער.

גייט זיך די ציגט און אין שטוב, ווי אין שטאַל, וועבט זיך אַ ברויגעז. דאָני טרינקט קיין מילך נישט, און ס׳קעלבעל אויך נישט.

— גוואַלדעלעך, וואָס וועט זײַן דער טאַכלעס? אַז קיין קלעפּ העלפן שוין אויך נישט! — באַקלאָגט זיך די מאַמע פאַרן טאַטן.

דער טאַטע קוקט אויף איר, אויפן קליינעם און אויפן קעלבל און איז זיך מעצאַר.

— וואָלט עס כאָטש געווען אַ ביקל...

אינדרויסן האָבן זיך אַוועקגעשטעלט טעג זוניקע, לויטערע. דאָס יונגע גראָז שפּאַרט פון יעדער באַהעל־טעניש אַרויס, קוויקט ס׳אויג און דאָס האַרץ. שפּאַצירט אַרום די „פּאָרע אדומע" פראַנק־און־פרײַ. ווו זי וויל, טוט זי אַ צופּ, אַ לעק, אָבער מילך גיט זי סײַ ווי סײַ נישט. דער וועטערינאַר זאָגט אַלץ צו. „אַז אָטאָטאָ און אָטאָטאָ". קויפן וויל זי קיינער נישט. דער איינציקער באַלן אויף איר איז דער פעלשינדער. דער פאַר־מער האָט שוין איינמאָל געפּרוווט זי אַ מעלק טון (ביז וואַנען וועט ער וואַרטן?), האָט ער געכאַפּט פון איר הינטערשטן פוס אין באַק אַרײַן.

די „געפלעקטע״ שטייט צוגעבונדן צו א בוים, צופּט א גרעזל און פאַרבײַסט מיט א לאַנגן בענקעני־דיקן „מו—ו״. פון דער צווייטער זײַט לאַנקע ענטפערט אַפּ ס׳קעלבל מיט א פּיעשטשענדיקן און ציטערדיקן „מע—ע״. שאַרט זיך א ווינטל אונטער, כאַפּט דעם „מו—ו״ און „מע—ע״ און טראָגט עס ווײַטער פאַנאַנדער. לאָזן גלײַך בעהיימעס פון אַרום וויסן זייער כאָרכלעני־דיקן צאָרן קעגן דעם, וואָס מע האָט א קעלבל פון דער מאַמע־קו אַוועקגענומען. און די לופט ווערט אָנגעפילט מיט אזא מאָדנעם ליאַרעם, ווי בעאייס שיפן זאָגן איינע די אַנדערע אָן וועגן א נאָענטער געפאַר.

פלוצלינג דערזעט מען איבער דער לענג פון לאַנקע „די פאָרע אדומע״ לויפן. בײַם קעלבל בלײַבט זי שטיין באַטראַכט א ווײַלע מיט פּײַכטע, אומעטיקע בליקן דאָס אומגליקלעכע באַשעפעניש און נעמט מיט האַסמאָדע לעקן, וואָס נאָר ס׳שטויסט זיך אָן אין איר לאַנגער צונג. דאָס נאַרישע קעלבל טוט זיך א נעם צום קראַנקן אײַטער, ווי צו עפּעס רעכטס.

באַלד וואַקסט אויס דער פאַרמער מיט א שטעקן אין האַנט, און די ווילטעטיקע קו טראָגט זיך אָפּ מיט א פאַריסענעם עק אין פעלד אַרײַן.

בײַ דאָנין איז דאָס הערצל פאַרקלעמט. אויפן פאַרשאַרצטן נעזל גלאַנצן טראָפּנס שווייס. די אויגן זענען בײַ אים אײַנגעצויגן — א סימען, אז ער האָט עפּעס פאַרקלערט. ער קומט הינטערווײַלעכטס צו




צו שפעט! דאס קעלבל האַלט איינגעגנורעט ס'מויל אין דער
מאַמעס אייטער...

צום קעלבל, קריגט אַרויס פון בוזעם־קעשענע אַ מע־סערל און — כליפּ...

דאָס קעלבל, אַ באַפרײַטס, טוט זיך אימפּעדיק אַ ריס פון פּלאַץ און אַ טראָג מיט ביידע פעדערשטע פיסלעך ווי אַ הירשל פאַרויס איבער דער זון־פאַרגאָ־סענער לאָנקע. נאָך דעם לויפט דער פאַרמער, פאָכעט מיט די הענט און שרײַט מיט באַנומענע קוילעס:

— לאָז נישט, לאָז נישט, דאָנקע, ס'וועט זיך אויפ־סנײַ צוגעוויינען!

צו שפּעט. דאָס קעלבל האַלט אײַנגעגנורעט דאָס מויל אין דער מאַמעס אײַטער און לאָזט זיך נישט אָוועקנעמען. בײַ דער „געפלעקטער" רײַסט זיך אַ ווילד, פריידיק כאָרכלען, וואָס ווערט אויפן שטעל אויפ־געכאַפּט פון די טשערעדעס אַרום.

דער פאַרמער בלײַבט אָפּהענטיק שטיין, ווישט אַ ווײַלע זיך דעם שטערן, טוט מיטאַמאָל אַ מאַך מיט דער האַנט, ווי ער וואָלט פון זיך אַ זלידנע פליג אָפּ־געטריבן, און לאָזט זיך מיט שטילע טריט אין הויז אַרײַן.

פון ערגעץ קריכט אַרויס דאָני, קוקט זיך שקאָ־ציש אַרום, נעמט צונויף די ליפּן און טוט אַ שנײַד דעם שטילגעוואָרענעם דרויסן מיט אַ לאַנגן־לאַנגן פײַף.

1

קינדער, וואָס איז אַ שפּאַציר־שטעקן? אַ קײַלעכיק שטיק האָלץ אָפּגעפאַרבט אויף עפּעס אַ פאַרב, מערסטנס אַ טונ־קעלע, פון אויבן צוגעשרויפט אָדער צוגעקלאַפּט אַ „הענטל", זייער אָפט פון גאָר אַ טשעקאַוון אויסזען, און פאַרענדיקט בײַם צווייטן בּרעג מיט אַ מעשן היטעלע, וואָס אַז מען שפּאַצירט מיט אים, מיטן שטעקן, קלאַפּט דאָס היטעלע ווי אַ פּאָדקאָווע.

אָט אַזאַ מין סאָרט שפּאַציר־שטעקן האָט מײַן פאָטער געהאַט, זינט איך האָב אים געדענקט. ווען און ווו ער האָט דעם שטעקן געקראָגן, האָב איך נישט געוווּסט, נאָר איין זאַך פלעג איך יאָ באַמערקן, ער האָט אים נישט אָפּגעלאָזן פון אויג: וווּ ער — דאָרט איז אויך זײַן שטעקן געווען...

בײַנאַכט איז דער שטעקן געשטאַנען אין ווינקל אים צוקאָפּנס, און אינדערפרי פלעגט ער זאָרגפעלטיק פוצן דאָס „הענטל" פון שטעקן מיט אַ ווײַס טיכעלע.

די קינדער אין שטוב פלעגט קיינמאָל נישט

אײַנפאַלן צו מאַכן דעם פאָטערס שטעקן פאַר אַ „פערדל": צו דעם צוועק האָבן מיר גענוצט דעם בעזים. און אַפילע ווען אונדז וואָלט יאָ אײַנגעפאַלן אַזאַ זאַך, וואָלטן מיר דאָס אויך נישט געקענט אויס־פירן, נישט בלויז דערפאַר, ווײַל ער וואָלט עס אונדז נישט דערלויבט, נאָר צוליבן פאָשעטן טאַם, וואָס מיר האָבן אים זעלטן געזען אינדערהיים.

ווען איך פלעג אַמאָל באַגעגענען דעם פאָטער איז גאַס, פלעג איך זיך נישט קענען אָפּוווּנדערן — מיט וואָס פאַראַ גלײַכקייט און פאַרנעם ער גייט. איך האָב געהאַט ס'געפיל, אַז די גלײַכקייט און דער פאַר־נעם קומט צו אים אַ דאַנק דעם שטעקן, און צו וואָס לייקענען? איך בין דעמאָלט געווען שטאַרק שטאָלץ אויף מײַן פאָטערס גאַנג און געטראַכט האָב איך: ווען איך וועל אויסוואַקסן, וועל איך פּונקט מיט אַזאַ גאַנג גיין און פּונקט אַזאַ שטעקן פאַרמאָגן.

איינמאָל ווען אין אונדזער שטאָט האָט אויסגע־בראָכן אַ פּאָגראָם, האָבן מיר דורך די פענצטער, וואָס גייען אַרויס אין הויף, געזען צענדליקער ייִדן מיט לאָמען און אײַזנס אומבלאָנקען אין שרעקלעכער דער־וואַרטונג — טאָמער וועלן כאַלילע די ראָצכים אויפ־ברעכן דאָס טויער און זיך אַ לאָז טון אויף אונדזערע היימען. צווישן דעם געזעמל ייִדן האָבן מיר דעמאָלט אויך באַמערקט דעם פאָטער מיט זײַן שטענדיקן באַגלייטער — דעם שטעקן, ער האָט — מײַסע ייִנגל —

מיט אים געפּאַכעט אינדערלופטן, ווי ער וואָלט אים וועלן אויספּרובירן, צי וועט ער אים אויך קענען דינען אין אַן אייס-צאָרע...

איך ווייס נישט, צי דאָס געזעמל יידן האָט טאַקע דעמאָלט געראַטעוועט אונדזער הויף, צי עפּעס אַנדערש — מיר זענען אַרויס גאַנץ, אָבער בלייבן וווינען דאָרט האָט דער פאָטער נישט געוואָלט, נישט אין יענעם הויז, נישט אין יענער גאַס און אַפילע נישט אין יענער שטאָט. מיר זענען אַוועקגעפאָרן אין אַ ווייטער געגנט, ווו ס'איז גאָרנישט די מאָדע געווען צו שפּאַצירן אין גאַס מיט אַ שטעקן. האָט טאַקע דער פאָטער געצויגן אויף זיך גרויס אויפמערקזאַמקייט, כאָטש זיין גאַנג האָט שוין ווייט נישט געהאַט יענעם פאַרנעם, וואָס אַמאָל. ס'האָט אויסגעקוקט, אַז דער שטעקן האָט אים מער געדינט פאַר אַן אָנשפּאַר, איידער אַ צירונג.

אַ סאַך יאָרן זענען אַוועקגעגאַנגען. פונם קליי-נעם יינגעלע איז אויסגעוואַקסן אַ גרויסער באָכער — איך טאַקע אַליין! — און דער גרויסער באָכער איז ראַק געווען פאַרטון אין לערנען, אין לייענען ביכלעך און אין טראַכטן. און ווען ער האָט געהאַט אַ ביסל פרייע צייט, פלעגט ער זיך אומפירן מיט נאָך אַזוינע באָכורים ווי ער — כאָלעמענדיק אין דער שטיל און אין דער הויך וועגן באַפרייען דאָס לאַנד פונם שלעכטס, וואָס דער קייסער און די פריצים האָבן

פאַרשפּרייט איבער אים. האָבן די פּאָליציי און געהיים־אַגענטן זיך דערוווּסט פון אונדזער געביין און גענומען נאָכשפּירן אונדזערע טריט, אונדז ענג און ענגער גע־מאַכט דאָס לעבן, — איז נישט געבליבן קיין אַנדער אויסוועג, ווי אַוועק אין דער פרײַער וועלט אַרײַן. מײַנע כאַווייירים האָבן זיך צעשפּרייט ווי די פייגעלעך איבער פאַרשידענע לענדער, און איך האָב זיך — צום צאַר פון מײַנע עלטערן — אַוועקגעלאָזט „אַזש" קיין אַמעריקע.

איצט ווען מיר האָבן זיך שוין נישט געקענט זען פּאָנים־על־פּאָנים און די בענקשאַפט איז געווען גרויס, האָט מען זיך געמוזט באַגענוגענען מיט פאָטאָגראַפיעס, וואָס מיר האָבן איינס ס'אַנדערע געשיקט — איך אַהיים, און פון דער היים צו מיר, אויף יעדן בילד, צי ס'איז געווען פונם פאָטער אַליין, צי פון דער גאַנ־צער פאַמיליע, האָט נישט געפעלט דער – שטעקן. איך פלעג מיט ציטערדיקע הענט באַטראַכטן מײַנע אייגענע און נאָענטע – פרייד און טרויער האָבן אָנגעפילט מײַן האַרץ: קינדער, וואָס איך האָב איבערגעלאָזן אינדער־היים, זענען מיט יעדער פאָטאָגראַפיע גרויס־און־גרע־סער געוואָרן, פון קינדערש־לאַכנדיקע פּענימלעך האָבן זיך גענומען אַרויסשיילן האַלב־ערנסטע, האַלב־שמייכ־לענדיקע געשטאַלטן: אויף די שוין לאַנג געקנייטשטע געזיכטער פון טאַטע־מאַמע זענען צוגעקומען נײַע קנייטשן, צו די האָר – מער גרויקייט, און ס'האָט זיך

מיר אויסגעוויזן, אַז אויך דער שטעקן איז עלטער, אָפּגעבליאַקעוועטער געוואָרן...

איינמאָל, אין אַן אָוונט, האָב איך אין מײַן צי־מערל געפונען אַ בריוול פון דער היים, געשריבן אין קרומע, זיגזאַגישע שורעס, אויף העברעיִש, וואָס אין דער איבערזעצונג לייענט זיך עס אַזוי:

„ליבער זון —

איך שרײַב דיר דאָס בריוול פון בעט, מאַכמעס איך בין—נישט פאַר דיר געדאַכט—אַ כוילע: די אויגן און די פיס זענען בײַ מיר שטאַרק אָפּגעשוואַכט. די מאַמע, זאָל געזונט זײַן, ווייסט נישט פון מײַן עמעסן צושטאַנד, און איך וויל נישט זי זאָל זיך כאָלילע דערוויסן, אַל־קיין, בעט איך דיך, ליבער זון, אַז ווען דו וועסט אַמאָל באַ־שליסן אַהיימצוקומען און מיך וועסטו שוין מער נישט געפינען — זאָלסטו פאָדערן מײַן שטעקן, ווײַל דיר לאָז איך אים איבער לעזיקאָרן.

דײַן פאָטער.

פּ. ס. אַוואַדע וואָלט איך געוואָלט זוינע זײַן אים דיר איבערצוגעבן מיט מײַנע אייגענע הענט...“

איך האָב געקוקט אויפן בריוול און נישט גע־פילט, ווי טרערן רינען מיר פון די אויגן, לאַנג פאַר־

גאַנגענע יאָרן האָבן אויפגעטויכט אין מײַן גערעכעניש, מיך אַוועקגעפירט צוריק צו יענער צײַט, ווען איך בין נאָך אַ קינד געווען, אַרומגערינגלט מיט דער ליבשאַפט און צערטלעכקייט פון טאַטע-מאַמע, און אַ שטאַרקע בענקשאַפט נאָך זיי האָט מיך אַרומגעכאַפּט. ווען ס'איז אָנגעקומען דער פרימאָרגן, איז שוין בײַ מיר געווען פעסט באַשלאָסן ערגעץ צונויפצוקלאַפּן אויף דער הויצאָע און — פאָרן זיך זען מיט זיי.

2

געטראָפן האָב איך מײַנע עלטערן אַ סאַך מער געעלטערט, ווי אויף די בילדער (ס'זענען פאַראַן פאָ-טאָגראַפער, וואָס האָבן אָפּט אײַנזעעניש מיט די מענטשן, וואָס זיי פאָטאָגראַפירן — דער מיאוסער קומט בײַ זיי אַרויס קעמאַט שיין, און דער זאָקן — גאָרנישט אַזוי אַלט). מײַן פאָטער איז צוליבן גאַסט אַראָפּ פון בעט, מיט אַ באַזונדער ליבלעכקייט מיך צוגעפירט צום פענצטער און שטאַרק און אָנגע-שטרענגט מיך באַטראַכט, ער האָט זיך דערנאָך אַוועק-געזעצט פון איין זײַט, די מאַמע — פון דער צווייטער, און פון צופיל רייד אין מויל, זענען מיר אַלע געזעסן שטומע...

ווען די ערשטע באַרוישנדע מינוטן זענען פאַרי-בער, האָט זיך דער פאָטער אָפּגערופן מיט אַ ציטער אין קאָל:

— איך וועל יאָ זויכע־זײַן דיר איבערצוגעבן מײַן שטעקן מיט די אייגענע הענט...

ס'האָט מיך געשטיקט אין האַלדז:

— דו וועסט אים נאָך לאַנג, לאַנג באַדאַרפֿן... פֿאָטער...

ער האָט זקייניש־פֿאַרלוירן געשמייכלט:

— ניין, מיין זון, נישט אַזוי לאַנג !...

מײַנע טעג אינדערהיים זענען געווען אויס־געפֿילט פֿון שמועסן מיט די עלטערן, מיט די ברידער און שוועסטער, מיט אויפֿנעמען און באַזוכן פֿרײַנד און באַקאַנטע. איך בין אומגעגאַנגען אַ פֿאַרשיקערטער פֿון צופֿיל פֿרייד און פֿרײַנדלעכקייט, און ערגעץ טיף אין האַרצן האָט מיך נישט אָפּגעלאָזן די נײַגעריקייט צו דערגיין בײַם פֿאָטער, פֿאַרוואָס איז דער שטעקן בײַ אים אַזוי טײַער...

איך האָב אים איינמאָל וועגן דעם געפֿרעגט.

זײַנע שוואַכע אויגן האָבן אויף אַ רעגע אויפֿגע־לויכטן, און אַ פֿאַרכאָלעמטקייט, אַ בענקשאַפֿט האָט זיך צעגאָסן אויף זײַן בלייך־אויסגעמאָגערט פּאָנים: — ע, מײַן זון, אָט טאָקע וועגן אים קלייב איך זיך דיר צו דערציילן...

אָבער ער האָט עס מיר קיינמאָל נישט דערציילט, מאַכמעס די קראַנקייט, וואָס האָט אים געהאַלטן ביז מײַן קומען אין בעט, האָט אים ווידער אַ כאַפּ געטון. ס'האָט גענומען אַרײַנקומען טאָג־טעגלעך דער דאָק־

טער, זײַן צימער איז אָנגעפּילט געוואָרן מיט רײַכעס פון פאַרשידענע רעפּועס, און איבערן גאַנצן הויז האָט זיך אַראָפּגעלאָזט אַן אומעט, אַ מאַרע־שכוירע. ווען איז דעמאָ׳ט געלעגן אין קאָפּ דער שטעקן?

אין טאָג פון מײַן אָפּפאָרן האָט זיך דער פאָטער דערפילט בעסער, ער איז אויפגעשטאַנען צוגלײַך מיט מיר, מיר געהאָלפן פאַרפּאַקן די זאַכן און איז טומל, אין האַווענישׁ האָט ער בעאייס מײַסע זיך און מיך געטרייסט: — נישקאָשע, מײַן זון, איך וועל עס דיר מיט גאָטס הילף אַלץ אַרויסשרײַבן אין אַ בריוו... יאָ, יאָ, דער איקער, — מײַן שטעקן זאָלסטו מיטנעמען און אָפּהיטן...

ווען מיר האָבן געהאַלטן בײַם אָפּפאָרן פון הויז, האָט ער זיך אײַנגעשפּאַרט, אַז ער וויל אויך מיט־פאָרן צו דער סטאַנציע. וויפל מיר האָבן זיך בײַ אים נישט געבעטן, ער זאָל זיך מיט מיר אָפּגעזעגענען אינ־דערהיים, — עס האָט נישט געהאָלפן.

אויפן וואָקזאַל האָבן מיר שוין געטראָפן אַ גרויסע צאָל פרײַנד און באַקאַנטע וואַרטן אויף אונדז. דער פאָטער איז נישט אײַנגעשטאַנען, אָט האָט ער זיך געאייסיקט מיט מײַן באַגאַזש, אָט מיטן בילעט און פאַספּאָרט, און ווען איך בין ענדלעך אַ מידער, אַן אויסגעשעפּטער אַרײַן אין וואַגאָן און דער צוג האָט גענומען אָפּגיין, האָט זיך מײַן פאָטער פּלוצלינג גע־כאַפּט, אַז ער האָט מיר פאַרגעסן איבערצוגעבן דעם

שטעקן, — ס'איז אָבער שוין געווען צו שפּעט! דער וואָקזאַל איז געווען ווײַט אַהינטער, איך האָב נאָך באַמערקט, ווי דער פּאָטער האָט געפּאָכעט פאַר־צווייפלט מיטן שטעקן, געשריגן און געבעטן זיך בײַ אימיצן...

דערנאָך האָבן זיך אַ צי געטון לאַנגע שורעס מיט הויכע, שלאַנקע ביימער, לאָנקעס און פעלדער און איבער אַלץ דאָס הילפלאָז־פאַרצאַרטע געשטאַלט פון מײַן פּאָטער...

בי נאַכט איז נאָך געהאָנגען אויף די פענצטער, ווען שויליק האָט דער-הערט אַ שטילן קלימפּער פון גלעזער קומען פון אַ זײַטיקן צימער. ער האָט פאַרזיכטיק אַראָפּגעלאָזן די פיס פון בעטל און גענומען שטעלן לאַנגע, ווייכע טריט, אַ טריט און שטיין בלײַבן. די אויגן זײַנע האָבן אָנגע-שטרענגט געעקבערט די פינצטערניש, געוואָלט דער-גיין, צי די מאַמע האָט שוין ווידער נישט אונטערגע-שטעלט אַ שטול אָדער אַ קעסטל אויף זײַן נאַכטיקן מאַרשרוט פון שלאָף- צום עסצימער.

עס איז אָנגעגאַנגען אַ שטילער און אַקשאָנעס-דיקער קאַמף יעדע נאַכט צווישן מוטער און זון. פאַר דער מאַמען איז קלאָר געווען, אַז אַ זיבניאָריק ייִנגל דאַרף אין אַזאַ פריִער שאָ נאָך שלאָפן, אָבער שויליק האָט געפירט זײַן אייגענעם כעשבן. ווי נאָר דער באַקאַנטער גלאָז-קלימפּער האָט זיך דערהערט, האָט ער — ווי דורך אַ קישעף-שטעקעלע באַרירט — זיך אויפגעכאַפּט און איז געווען גרייט אויף זײַן „סאַקאָנעסדיקער“ נעסיע. ס'האָט געטראָפן, אַז די פּאַסטקע, וואָס די מאַמע

האָט אינאָונט אָנגעגרייט, זאָל אים אויפן שטעל אַרויסגעבן. דאַמאָלסט האָט ער אָן ווערטער געמוזט זיך צוריקלייגן און אָפּוואַרטן אויף אַ גינסטיקער מינוט. זײַנע אויערן האָבן זיך אויסגעלערנט צו דער־קענען, צי די מאַמע איז וואַך. איז ער אָבער פאָרט נישט זיכער געווען, פלעגט ער ריזיקירן און צוקומען צו איר בעט און מיט אַן אײַנגעהאַלטענעם אָטעם זיך אײַנהערן. און ווען ער האָט פלוצים דערפילט איר שמאָלע, וואַרעמע האַנט אויף זײַנער, ווי אַ סימען, אַז זי שלאָפט נישט, פלעגט ער אַ פאַרשעמטער און אַ געריירטער זיך אומקערן צו זײַן געלעגער.

גרויס איז דערפאַר געווען זײַן פרייד, ווען ער האָט אָן מעניעס דערגרייכט די שוועל פון עסצימער. ער האָט אַ ציטערדיקער, אין איין העמדל אָן עפּן גע־טון די טיר, און אַ באַגאָסענער פון בליצלאָמפּ איז ער אימשטאַנד געווען בלויז איין וואָרט אַרויסצורעדן.

— זיידע!

דער זיידע, אַ הויכער, אַ שמאָלער, מיט אַ לאַנ־גער, גרויער, שפּיציקער באָרד האָט אָנגעשטעלט אויף אים זײַנע גרויסע, שמייכלדיקע אויגן און זיך קלוי־מערשט אַ בייזער געטון:

— אַזוי פרי, שאָלטיק!

שוויליק האָט זיך אַ צי געטון צו אים, אַרומגע־כאַפּט מיט בײדע הענט זײַן נאַקן און איז געווען זי־




ער האט אַ ציטערדיקער, אין איין העמדל אַן עפן געטון די
טיר און אַ באַגאסענער פון בליצלאמפ איז ער אימשטאנד
געווען בלויז איין ווארט צו זאגן. זיידע!

כער, אַז קיינער איז איצט נישט בעקויעך אים אָוועק־צוריַיסן פון זיידן.

אויפן טיש האָט היימלעך געמורמלט אַ בײַכיקער סאמאָוואר, פארשפרייט אַן אָנגענעמע ווארעמקייט, און אין זײַן מעשענער קאָרע האָבן זיך געשפיגלט: דאָס גלאָזווארג, די ספאָרים־שאַנק, דעם אַלטנס בעטל. דער זיידע האָט זיך אַוועקגעזעצט בײַ איין ברעג טיש, בײַם צווייטן — דאָס אייניקל. ער האָט אָנגעגאָסן צוויי פינקלדיקע גלעזער טיי און גענומען שטיל, מיט יישעוו־האדאַאס גיסן אין שאָל און טרינקען.

שויליק, אַ דערוואַרעמטער, אַן אויפגערוימטער האָט אַרויסגעכאַפּט פון שולרענצל אַ ביכל, עס איבער־געגעבן דעם זיידן און גענומען „מאָלן" אַ גאַנץ בלעטל אויף אויסנווייניק. אָט האָט ער צוגעטראָגן די האַנט צום האַרצן, באַלד זי געלאָזט הענגען ווי אַ פליגל אײַנ־דערלופטן, און דערבײַ האָט זײַן פּאָנעם אויסגעדריקט שטילן צאַר, צומאָל אַן אײַנגעהאַלטענע פרייד, אָפּ־טער — אַן אומגעצוימטן געבייזער. עס איז געווען אַ פּאָר וואָכן פאַר כאַנוקע און אין שול האָט מען גע־לערנט די מײַסע וועגן די העלדישע כאַשמוינאָיִם.

„אין די צײַטן פון דעם בייזן און גרויזאַמען אַנ־טיאָכעס האָט אין דעם שטעטל מוידאָען געלעבט אַ העלדישער מאַן, וואָס האָט געוואָלט אומקערן די פרײַ־הייט זײַן פאָלק"...

דער זיידע קוקט מער אויף שויליקן ווי אין

ביכל, זײַנע ברילן זענען ווײַט פאררוקט אויפן שטערן. און צווישן באָרד און וואָנסעס טוקט זיך א ליכטיקער און קלוגער שמייכל. פאר די אלטע אויגן באוויַזט זיך דעם ייִנגלס פאָטער, וואָס איז נאָך א לאנגער קראנ־קייט געגאנגען יונג פון דער וועלט, און ער זאָגט צו אים אין דער מאכשאָווע: „א ווייל באָכערל איז ביַי דיר אויסגעוואקסן, שלוימעו!"

שוויליק ענדיקט און בלײַבט זיצן א פארקלער־טער. זײַנע בליקן הענגען אויפן ציפערבלאט און אים דערמאָנט זיך מיטאמאָל, אז דער זיידע דארף שוין באלד אוועקגיין, און קומען אהיים וועט ער ערשט שפעט אינאָוונט. ער וואָלט געוועזן א באלן צו דער־גיין, וואָס פאר אן ארבעט טוט ער עס אזעלכע, וואָס עס דאַרף פאַרנעמען דעם גאנצן טאָג? וויל ער אָבער דעם זיידן נישט מעצאר זײַן מיט אזא פראגע. פרעגן דער מאמען האָט ער שוין גראָד יאָ פרובירט. דאָס קומט מערסטנס פאָר אינאָוונט, בעאייס מען זיצט הונגע־ריקע און מע וואַרט מיט דער וועטשערע אויפן זיידן. האָט אָבער די מאמע איין־און־דעם־זעלבן ענטפער:

— ווען דערוואקסענע רעדן, מישט זיך א קינד נישט אריַין!

און איר ברייטער, שיינער שטערן פאלדעוועט זיך פון זאָרג און אומעט.

ס'געשעט אויך, אז וואַרטנדיק אויפן זיידן זאָל שוויליק אויפן שטול איַינדרעמלען, און וויפל מע זאָל

צו אים נישט צושטיין, ער זאָל אָפּעסן און גיין שלאָפן, ווייל מען עס בײַ אים נישט פּוילן. „ווי קען ער עס דערלאָזן, אַז ער זאָל אָן אָוונט דעם זיידן נישט זען?"

שויליק געדענקט נישט זײַן טאַטן. ער איז נאָך גאָר אַ קליינינקער געווען, ווען ער האָט אים אָנגע־ווירן, און אַזוי ווי אַ ייִנגעלע דאַרף דאָך האָבן אַ טאַטן, איז עס דער זיידע געוואָרן, און שויליק פילט צו אים אַ צערטלעכע צוגעבונדנקייט און אַ טיפע ליבע.

ווען דער זייגער ציילט אָפּ זעקס קלונגען, הייבט זיך דער זיידע אויף פון טיש, פילט אָן די הרובע מיט פריש געהילץ, לייגט אַרײַן ס'אייניקל צו זיך אין בעטל און פאַרדעקט עס זאָרגפעליק מיט דער פּערענע. דער־נאָך טוט ער אָן דאָס פוטער, וואָס איז שוין ערטער־ווײַז אויסגעריבן, און זעצט זיך צו אויפן בעטל.

— נו, שאָלטיק, ווו איז אַ קוש פאַרן זיידן?

— איך וועל דיך נישט קושן — קומט אָן ענט־פער פון אונטער דער פערענע — ביז דו וועסט מיר נישט צוזאָגן, אַז דו וועסט היינט קומען פרי אַהיים.

און דער זיידע פאַרענטפערט זיך:

— ס'איז דען געווענדט אָן מיר, נאַרעלע?

און כאָטש אַזאַ שמועס ווערט טעגלעך געפירט — בײַם שיידן זיך — צווישן זיידן און אייניקל, פאַרדריסט עס אַלעמאָל שויליקן אויף זײַנע טאַנעס און אַ שול־דיקער כאַפּט ער אַרום דעם זיידן און טוט אים אַ קוש.

## 5. לאסאורין — צו דער זון

דער אלטער באַפרײַט זיך שנעל פון זײַנע הענטלעך, נעמט דעם שטעקן און פאַרדרייט דעם לאָמפּ.

א גרוי ליכט רײַסט זיך מיטאַמאָל אַרײַן דורכן איינציקן פענצטער, פאַרטרײַבט די פינצטערניש אין די ווינקלען פונם צימער און בלײַבט, ווי א פויל הינטל, ליגן אויפן מיטן דיל. שויליקס אויגן זענען אָנגע־שטרענגט געווענדעט צום דרויסן, ווו דער שניי א גע־דיכטער ווערט פון ווינט געטריבן, געוואָרפן אויף די שויבן, אויף די קעגנאיבערדיקע דעכער. ער הערט דעם זיידנס טריט אויף די טרעפּ. באַלד וועט ער אָן עפן טון די קאָרידאָר־טיר און דער שניי וועט אים מיט רוגזע באַפאַלן. איבער דעם ייִנגלס לײַב לויפט דורך א שאַרפע קעלט, און א פאַרקלעמטער טראַכט ער, אַז ער וועט אויסוואַקסן א גרויסער, וועט ער מער דעם זיידן נישט לאָזן אַרבעטן. ער וועט אים פראָסט און פּאָשעט זאָגן: „גענוג, זיידעניו, געהאָרעוועט! צײַט אויף די עלטערע יאָרן זיך אָפּצורוען... נישקאָשע, האָסט זיך שוין אויף וועמען צו פאַרלאָזן!" און מיט א שמייכל אויף די ליפּן שלאָפט ער איין, און אים כאַלעמט זיך, אַז דער זײַדע, א הויכער, א דינער שפּאַנט איבער ווײַטע, שנײַיִקע פעלדער, די גרויע באָרד צעוואָרפן איבער דער ברוסט און מיטן גראָבן שטעקן אין האַנט. און דאָרט, ווו דער הימל ליגט צונויפגעגאָסן מיט דער פראָסטיקער ערד, באַווײַזט זיך א פלאַם־רויטער צייכן, וואָס נעמט זיך שפּרייטן הויך און העכער, און די זון

## ל. לאַסאָווין — צו דער זון

אַ יונגע, אַ לויטערע גייט אויף איבער דער ווײַסער וועלט, און דער זיידע שפּאַנט אַלץ ווײַטער און ווײַ־טער צו דער זון, צו דער זון!

## שווערע ווערטער פאַרטייטשט

### א

אַקשאָנעסדיקער — איַינגעשפּאַרטער.
איקער — הויפּט-זאַך.
אייס-צאָרע — ציַיט פון אַ געפאַר.
„אַללאַ" — גאָט.
אָפּגעבליאַקעוועט — פאַרלוירן די נאַטירלעכע פאַרב.
„אַרויס פון די קיילים" — געוואָרן אין כּעס.
אומקומען — שטאַרבן.
אומבאַשעדיקט — אַרויס גאַנץ, נישט פאַרווונדעט.
אַנטציקט — באַגייסטערט.
אַנטיאָכעס — סיריש-גריכישער קעניג.
אימפּעט — איַילעניש, שנעלקייט.
אומגעריכט — אומדערוואַרטעט.
אומבלאָנקען — אומשלעפּן, גיין אָן אַ ציל.

### ב

„באָי" — יינגל.
ברייירע — אויסוועג.
בעאייס-מיַיסע — אין דער זעלביקער ציַיט, איינציַיטיק.
בסורע — נייַעס.
בעסוילעם — הייליק אָרט, „סעמעטערי".
באַגינען — גאַנץ פרי.

### ג

גוורע — קראַפט, קויעך.
געבריל — געשריַי.

גוף — קערפער.
געזעמל — גרופע.
געדראַנג — ענגשאַפט.
גסיסע — לעצטע מינוטן פאַרן טויט.

## ד

דזשאָרזשיאַ — אַ שטאַט אין די פאַרייניקטע שטאַטן.
דזשעק דעמסי — באַוווסטער אַמעריקאַנער באָקסער.
דיבורים — ווערטער, רייד.
„דזשיג״ — אַזאַ טאַנץ.

## ה

הרובע — אויוון.
הינטערוויַילעכטס — הינטער אַרום.
האַסמאָדע — ווילן, כיישעק.
הוילעך — גאַגנ, קליידונג.
הויצאָע — אויסגאַבע.
האַמוין — אוילאָם מענטשן.

## וו

וועטשערע — אָוונטברויט, „סאַפער״
וואָקזאַל — באַן-סטאַציע.
וואַרשטאַטן — פאַבריקלעך, שעפער.

## ז

זייכער — דערמאָנונג, שפור, סימען.
זאָרגפעלטיק — איבערגעגעבן, געטריַי.
זאָקן — אַלטער.
זלידנע — שלעכטע, איַינגעגעסענע.
זויכע-זיַין — ווערט-זיַין.

## ט

טשעקאָווע — מאָדנע, אַנדערש, אויסערגעוויינלעך.
טאַכלעס — רעזולטאַט, וואָס וועט זיַין דערפון.
טפיסע — געפענגעניש.
טפילע — געבעט.

י

יישעווי-האַדאַאַס — מיט איבערגעלייגטקייט, גוט באַטראַכט.
„יו-בעט״ — קענסט זיך ווען.

# כ

כאַמסין — מידבאַר-ווינט.
כאַשמוינאָים — יידישע העלדן, וואָס האָבן געקעמפט קעגן די
די סיריש-גריכישע פאַרכאַפּער פונם יידישן לאַנד.
כידעש — ווונדער.
כוישעך — פינצטערניש, טומל, געפילדער.
כוילע — קראַנקער.
כעשבן — רעכענונג.
כאַלאָפים — שאַרפע מעסער, וואָס שאָכטים באַנוצן ביים שעכטן.
כעווורע — גרופּע.

# ל

לעשעפּע — איבערגעענוג, אַסאַך.
לעזיקאָרן — צום אָנדענק.

# מ

מאַכשאָווע — געדאַנק.
מאַטבייעס — קליינגעלט.
מאַדים — אַ פּעיִקער.
מעדינע — לאַנד.
מיצל — אַזאַ היטעלע.
מישפּאָכע — פאַמיליע.
מיסע — טויט.
מעניִעס — שטערונגען.
מינע — קוילן-גרוב, שאַכטע.
מעהומע — אַ טומל, אַ לויפעניש, אַ צערודערונג.
„מעדעם״ — מאַדאַם.
מאַכמעס — וויַיל.
מאָך — „מאָס״.
מעס — טויטער.

## נ

ניגונים — לידער, מעלאָדיעס.

נעפּל — טומאַן, „פאָג“.

ניספּאָעל — איבעראַשט, אַנטציקט.

נעפּעשל — באַשעפענישל, קינד.

נעסיָע — רייזע.

## ס

סינע — פּיַינטשאַפט.

סכוירע — וואַרע.

„סקול“ — רעגירונגס־שול.

סאַקאָנעסדיקער — געפערלעכער.

סאַזשעלקעס — וואַסערלעך, רינעס, טײַכלעך.

ספּאָרים־שאַנק — ביכער־שאַפע.

## ע

„עפּענדי“ — הער, מיסטער.

## פּ

פּאָרע־אַדומע — רויטע קו — ווערט דערמאָנט אין כומעש — מוישע האָט זי געדאַרפט פאַרברענען און איר אַש נוצן פאַר רעליגיעזע צוועקן.

אַ פּיקניק — אַן אויספלוג אין וואַלד.

פּענסילווייניע — שטאָט אין די פאַרייניקטע שטאַטן.

פּאָדקאָווע — פערד־שיך.

פּריצים — לאַנד־באַלעבאַטים.

פּאַכעד — שרעק.

## פֿ

פאַרשאַרצט — פאַריסן.

פעלזן — שטיינער.

פאַרגאַפט — איבעראַשט, פאַרוווּנדערט.

„פאָן“ — שפּאַס.

## צ

צאַר־באַלעכאַימניק — איינער וואָס האָט ראַכמאָנעס אויף לעבע־דיקע באַשעפענישן.

צאַר — ערגעניש, טרויער.

# ק

קישעף — ווּנדער, „מעדזשיק".
קאָוועד — ערע.
קרויווים — אייגענע.
קאַפּעליע — גרופּע מוזיקער — „בענד".
קלעזמער — מוזיקער.
„קאָו-באָי" — יונג, וואָס אַרבעט בײַם האָדעווען בעהיימעס אין די מײַרעוו-שטאַטן.
קרויזן — לאָקן, געקרײַזלטע האָר.
קאָרע — האַרטע הויט פון ביימער, „באַרק"
קוינע — קונד „קאַסטאָמער".
קעפּן — אַרונטערהאַקן דעם קאָפּ.
קערב — קאָשיקעס „בעסקעטס".
קונדייסים — קינדער.
קאַצעוו — פלייש-הענדלער.

# ר

רעציכע — בייזקייט, קאַס.
ראַכוועס — גערוימקייט, ברייטקייט.
רוגזע — בייזקייט.
ראָצכים — מערדער.

# ש

שמעטערלינגען — פלאַטערלעך, באַבאַטשקעס, „באַטערפלייס".
שטױנט — וואונדערט זיך.
שוואַלבן — (סוואַלאָס).
שאָלטיק — שטיפער.
שפּאָקטיוו — פאַרגרעסערגלעזער.
שעם — נאָמען.
שאַקאַלן — מידבאָר-הינט, „דזשאָקאָלס".

# אינהאַלט: